רבקה קוויאטקאווסקי־פנחסיק

# טויזנט מאל פארוואס?

טאָגבוך פון אַ יינגל
פון לאָדזשער געטאָ

תל־אביב 1971

געדרוקט אין די „לעצטע נייעס" אונטערן נאָמען
„ווען מיין וועלט איז אונטערגעגאַנגען".

די הילע געצייכנט פון ש. לם

דערשינען מיט דער הילף פונעם סטיפּענדיע־פאָנד א"נ פון
קאַרל ראָטמאַן ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס
און
מיט דער הילף פון יידישן ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין
אין ישראל

## ווען מיין וועלט איז אונטערגעגאַנגען

איך בין געבוירן געוואָרן אין לאָדזש. מיין פאָטער האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אין אונדזער אייגן הויז, ווו מיר האָבן געוווינט. איך געדענק גוט מיין היים, דעם הויף, די שכנים, ווו מיין קינדהייט איז פאַרגאַנגען.

צי קאָן מען אָנרופן „קינדהייט״ — יאָרן פון שרעק, שטענדיקן פחד און הונגער?

איך וויל באַשרייבן די אַלע יאָרן פון ליידן, עס זאָל נישט פאַרגעסן ווערן גאָרנישט פון דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן 1939—45, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען פוילן — אַ צייט דורכגעלעבט און דורך אַ קינד.

איך האָב געענדיקט ניין יאָר, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן. דאָך יעדע געשעעניש זייט דעמאָלט האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז די צייט וועט בלייבן אין מיין זכרון אויפן גאַנצן לעבן.

עטלעכע וואָכן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָב איך געהערט ווי מיין פאָטער האָט געבעטן ביי דער מוטער:

— אסתרל, מיר מוזן אַלץ פאַרפאַקן און אַוועק מיט די קינדער, מיר מוזן זיך ראַטעווען, אַנטלויפן ווייט, ווייט פון די דייטשן!

די מאַמעשי האָט געוויינט, געקוקט אויף אונדז אַלע און געפרעגט:

— ווו זאָלן מיר לויפן? צו וועמען? אפשר וועט דאָך צו אַ מלחמה נישט קומען?

דינהלע איז אַלט געווען זעקס יאָר און אריהלע צוויי. יעדן טאָג פלעגן די שכנים פון הויז ביי אונדז אָפּזיצן שעהן.

ארומרעדן די לאַגע; דערציילט, וואָס די דייטשן ווילן טאָן מיט אַלע יידן. געעצהט:

— יאָ פאָרן? נישט פאָרן?

מיין פאָטער האָט גענומען פאַקן די זאַכן אין זעק און וואַליזעס.

ווי עס וואָלט איצט געשען, געדענק איך די אָנגע־לייגטע פעק אויף אַלע בענקלעך און טישן. די צונויפגע־ראָלטע טעפיכער, קויבערס מיט סערוויסן ארומגעפּאַקטע מיט שטרוי.

דינהלע און אריהלע האָבן זיך אַרומגעיאָגט אַרום די פעק, בעת איך האָב מיטגעהאָלפן צוזאַמענעמען די מלבו־שים פון די שענק, געלייגט די ביכער אין קעסטלעך, די בילדער ארומגעוויקלט מיט טישטעכער. אין שלאָפצימער אַריינגעטראָגן אַלע פעקלעך, וואָס די מוטער האָט געוואָלט איבערלאָזן ביי די באַקאַנטע פּאָליאַקן.

איך בין געלאָפן פון איין צימער אין צווייטן, געיאָגט זיך, געהאָלפן דעם פאָטער ביי דער אַרבעט. נישט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס אַלץ באַדייט דעם סוף פון אונדזער היים. יעדן פאַרנאַכט איז געקומען די משפחה; איין מאָל דער פעטער יחיאל מיט דער מומע רענא, אַן אַנדער מאָל די באָבע דבורהלע מיטן זיידן מנשה. דער זיידע האָט געבעטן ביי אַלעמען:

— בלייבט מיט אונדז צוזאַמען. גאָט איז אומעטום! מיר האָבן שוין מיטגעמאַכט אַ מלחמה פון פיר יאָר און אויסגעלייזט געוואָרן. היינט זענען אַנדערע צייטן. עס וועט לאַנג נישט אָנציען. סי׳נישט ווי אַמאָל. די וועלט וועט נישט צולאָזן אונדז אַלע אומברענגען!

די באָבע דבורהלע מיט דעם זיידענעם שאַל אויפן קאָפּ האָט געקוקט אויף דער מאַמעשי מיט אירע גוטע אויגן און גערעדט שטיל:

— מיט דיר, מיין קינד, בין איך אין אַ מלחמה אין ערגעץ נישט געלאָפן... מיר מוזן מיט געדולד איבערוואַרטן די צייט.

אַלע זענען געזעסן ביים טיש אין גרויסן עס־צימער. געטרונקען טיי, פֿאַרביסן מיט געבעקס. ביים אַוועקגיין געווונטשן זיך אויפֿן קול מיט אַ סך האָפֿענונג: מיר זאָלן אויסגעלייזט ווערן פֿון יעדן שלעכטס, פֿון אַלע סכּנות...

איך האָב זיך צוגעהערט צו די אַלע רייד אין דער היים, אויפֿן הויף און אין דער גאַס. אין די נעכט האָב איך נישט געקאָנט שלאָפֿן. געטראַכט, וואָס וועט זיין מאָרגן. נאָר דינהלע און אריהלע זענען געשלאָפֿן. איך האָב געוווסט, אַז אויך די מוטער אין שלאָף־צימער ליגט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און קאָן נישט איינשלאָפֿן. געהערט ווי דער פֿאָטער גייט אַרום איבער די שטובן, געזען דורך דער אויפֿגעמאַכ־טער טיר פֿון מיין קאַמער, ווי ער באַקוקט אַלע פּעקלעך, שרייבט בריוו. צום ערשטן מאָל האָט מיך אַרומגענומען אַ פּחד: וואָס ווילן די דייטשן מיט אונדז טאָן? יעדער האָט דערציילט, אַז זיי וועלן באַרויבן די יידן, זיי אַרויס־טרייבן פֿון די הייזער, וועלן מאַכן אַ געטאָ.

וואָס איז דאָס אַ געטאָ? — האָב איך געטראַכט. נישט פֿאַרשטאַנען דאָס וואָרט, קיינמאָל פֿריער עס נישט גע־הערט. בייטאָג האָב איך נישט געקאָנט געפֿינען פֿאַר זיך קיין אָרט. צי וועלן מיר מוזן אַוועקגיין פֿון אונדזער היים? איך האָב מיר עס גאָרנישט געקאָנט פֿאָרשטעלן.

דער זומער־לאַגער, וווּ איך האָב פֿאַרבראַכט די פֿע־ריען, איז פֿאַרענדיקט געוואָרן אין אַ גרויסער צעטומלונג. די לערער האָבן וואָס גיכער געוואָלט מיט אונדז אַוועק פֿון דאָרף. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מיר וועלן בלייבן אָן אַ באַן און אָן אַ וואָגן אפֿילו. קיינער פֿון די קינדער האָט נישט פֿאַרשטאַנען די ווערטער: „מיר וועלן דאָ בלייבן אָפּגעריסן פֿון דער וועלט".

קיינער האָט דעמאָלט נישט געטראַכט, אַז מען דאַרף זיך גרייטן צום נייעם שול־יאָר. אַלע זענען פֿאַרנומען מיט גראָבן גריבער. די מאַמעשי האָט געקויפֿט עטלעכע לערן־ביכלעך, אַלע האָבן אָבער גערעדט נאָר וועגן דער מלחמה. איך האָב קיינעם נישט געוואָלט פֿרעגן צי וועל איך נישט

גיין אין דער שול. איך האָב געוואָלט צוגיין צו מיין חבר מילעק, פרעגן אים וואָס וועט טאָן זיין משפחה. איך האָב אָבער געוואַרט ער זאָל קומען צו מיר.

ווי קיינמאָל נישט ביז דעמאָלט בין איך געזעסן גאַנצע טעג אין דער היים.



דאָס האָט פּאַסירט דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939. עס איז געווען פּרייטיק נאָכמיטאָג. אונדזער טריי דינסט־מיידל יאַדוויגאַ האָט געראַמט די שטובן, ווי תמיד פאַר שבת, נישט געקאָנט זיך קיין עצה געבן מיט די פּעק זאַכן. זעק מיט צוקער, רייז, מעל און קעסטלעך שפּייז, אָנגע־שטעלט אומעטום. אין אַלע שטובן און אפילו אין די ווינק־לען פון לאַנגן קאָרידאָר.

„מיין גאָט, צי וועט די מלחמה אַזוי לאַנג דויערן? צי וועלן מיר אַמאָל דאָס אַלץ אויפעסן? אַזאַ אומאָרדענונג, אַזאַ צעמישונג" — האָט זי גערעדט צו זיך אַליין.

אויך איך האָב נישט פאַרשטאַנען, צוליב וואָס האָט מיין פאָטער אָנגעקויפט אַזויפיל פּראָדוקטן. די מאַמעשי איז גאַנצע טעג אַרומגעגאַנגען איבער די געשעפטן, דער־נאָך מיך געשיקט נאָך פאַרשידענע זאַכן פאַרן שטוביקן געברויך.

וואָס הייסט עס, די דייטשן וועלן די יידן נישט געבן צו עסן? — האָב איך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען, כאָטש אַלע האָבן וועגן דעם גערעדט. מיטאַמאָל האָט זיך פון ראַדיאָ געהערט אַ מעלדונג און מיין פאָטער האָט מיט בלייכע ליפּן אויסגערופן:

— ס'האָט זיך אָנגעהויבן!

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. צוזאַמען מיט אַלע בין איך אַראָפּ אויפן הויף, אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס פאַר אונדזער הויז. איך האָב אָבער נישט געזען קיין זעלנער, קיין מיליטער. נאָך מי־טאָג האָט זיך צעיאָמערט דער ערשטער לופט־אַלאַרם.

אַלע זענען אין גרויס שרעק זיך צעלאָפן אין לאַנגן טויער־דורכגאַנג. די באָמבעס־אויפרייסן זענען געקומען פון ווייט, ווייט און איך האָב נישט געפילט קיין פחד. די מלחמה איז ערגעץ אין די הימלען, האָב איך געטראַכט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיך געהערט לופט־אַלאַרמען, איינער נאָכן צווייטן. נאָך יעדן קנאַל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז באַלד וועלן איינפאַלן די הייזער, די גאַסן, די גאַנצע שטאָט. איך האָב שטאַרק געציטערט פאַר דינהלעס און אריהלעס געזונט. מיט יעדן זעץ האָבן זיי אָנגעהויבן הויך צו וויינען און קיינער האָט זיי נישט גע־קאָנט איינשטילן.

ביינאַכט האָט אונדז אויפגעוועקט אַ רעש, אַ טומל פון דער גאַס. מיין פאָטער האָט זיך איילִיק אָנגעטאָן, אַראָפּ־געלאָפן פון די טרעפּ און גלייך צוריקגעקומען אַן אויפ־געטרייסלטער:

— אַלע אַנטלויפן! יידן און פּאָלאַקן! די גאַנצע שטאָט! אַ גיהנום האָט זיך געעפנט... די דייטשן קומען אָן!

די מאַמעשי איז צו אים צוגעלאָפן און גענומען בעטן:

— אַנטלויף! נעם דעם רוקזאַק און לויף מיט אַלע צוזאַמען. איך... איך וועל בלייבן מיט די קינדער. די דייטשן וועלן די פרויען גאָרנישט טאָן! זיי מיינען נישט אונדז...

די מאַמעשי האָט אַזוי לאַנג געוויינט און געבעטן ביז דער טאַטעשי האָט גענומען דעם רוקזאַק, אַרומגעכאַפּט מיך און צוגעדריקט צום האַרץ, צוגעלאָפן צו דינהלען און אריהלען, אַ כאַפּ געטאָן זיי אויף די הענט און אַזוי מיט זיי שטיין געבליבן, נישט געקענט אָפּלאָזן זיי. דערנאָך איז ער צו צו דער מאַמעשי. געוואָלט זיך געזעגענען, נאָר די מאַמעשי האָט געשריגן, אַנטלויף און געשטופּט אים דאָס בייטעלע מיט געלט אין די הענט. מיר אַלע זענען אַראָפּ צו דער גאַס. געהאַלטן זיך פאַר די הענט, געגאַנגען צוזאַמען. יאַדוויגאַ איז שטיל נאָכגעגאַנגען. די גאַס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אַלע האָבן זיך געשטופּט פאָראויס מיט פּעקלעך און רענצלעך אויף די פּלייצעס. די גאַנצע

שטאָט אַנטלויפֿט, האָב איך געטראַכט, די גאַנצע שטאָט! אַ מורא איז מיך באַפֿאַלן. ווי פֿון אַ שרפֿה זענען אַלע געלאָפֿן. דער טאַטעשי האָט זיך נאָך אַמאָל מיט אונדז אַלע צעקושט און שוין איז ער נישטאָ! אויסגעמישט זיך מיט אַלע. פֿאַרשווונדן אין דער געדיכטער מאַסע. אויף שטענדיק אַוועק. מער איז ער נישט צוריקגעקומען.

מיר האָבן אויף אים געוואַרט אַלע יאָרן. בייטאָג און ביינאַכט. נישט געוווּסט, וואָס איז מיט אים געשען, ווו ער איז פֿאַרלוירן געגאַנגען.

ביזן פֿרימאָרגן בין איך מיט דער מאַמעשי דעמאָלט געשטאַנען און געקוקט ווי אַלע אַנטלויפֿן. ווען מיר זענען צוריק אַרויף אין הויז, בין איך אַ מידער נאָך לאַנג געשטאַנען ביים פֿענצטער. נישט געקאָנט זיך לייגן אין בעט. פֿאַרשידענע געדאַנקען האָבן מיך געפּייניקט. ווו איז דער טאַטעשי אַוועק? דעם קליינעם רוקזאַק האָב איך כמעט נישט געזען צווישן די אָנגעשטעלטע קויבערס מיט וועש און מלבושים, זעק און וואַליזן. דער טאַטעשי האָט דאָך געוואָלט מיר זאָלן אַוועק צוזאַמען. און איצטער זאָגן אַלע, אַז עס איז שוין צו שפּעט.

די דייטשן זענען דאָ!

איך מיט דער מאַמעשי און יאַדוויגאַ פֿון אַ זייט האָבן אַרויסגעקוקט פֿון הינטער די פֿאָרהאַנגען. געזען ווי שטאַרק און מעכטיק עס איז זייער אַרמיי מיט טאַנקען, האַרמאַטן, טראַנספּאָרט־מאַשינען און מאָטאָציקלען. טויזנטער דייטשע זעלנער האָבן אין אונדזער שטאָט אַריינמאַרשירט. אויף זייערע פּענער זענען געווען האַקנקרייצן. יעדער האָט אויף זיין אָרעם געהאַט אַ האַקנקרייץ. אַלע יידן האָבן מורא געהאַט פֿאַר דעם סימן. מיט פֿאַרבראָכענע הענט, דערשראָקענע און בלייכע, איז געשטאַנען די מאַמעשי און יאַדוויגאַ. זיי האָבן קיין וואָרט נישט אַרויסגעזאָגט.



די מוטער האָט מיר געגעבן אַ בייטעלע מיט געלט און געהייסן עס אַוועקטראָגן צו דער באָבע דבורהלע. מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס זי מאַכט און ווי עס פילט זיך דער זיידע. גראָד איצט, האָט געזאָגט די מוטער, ווען קיינער ווייסט נישט אין דער פרי וואָס וועט זיין ביינאַכט, איז דער זיידע קראַנק געוואָרן. אפשר איז ער קראַנק פון דאגות? קיינער ווייסט נישט ווו ס׳איז אַוועק דער טאַטעשי. ווער וועט איצט פירן דאָס געשעפט? דער זיידע איז דאָך נאָר אויף עטלעכע שעה געקומען אין געשעפט און פרי אַוועקגעגאַנגען.

איך האָב אים געטראָפן אַן איינגעהילטן אין טלית זיצן ביי אַ ספר. ער האָט נישט געוואָלט זיך לייגן אין בעט.

די מוטער האָט געוואָלט די באָבע דבורהלע זאָל נע־מען אירע זאַכן און קומען צו אונדז. אויך דער פעטער יחיאל האָט געוואָלט זיי ביידע נעמען צו זיך. דער זיידעשי וויל אָבער נישט אַרויס פון זיין וווינונג. בעזרת השם — האָט ער געזאָגט — וועט די מלחמה זיך גיך ענדיקן. ענג־לאַנד און פראַנקרייך וועלן קומען צו הילף פוילן און מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן!

דער זיידע האָט געהייסן דערציילן, אַז אויך דער פעטער יחיאל איז אַוועק. די מומע רענא האָט אַלץ אי־בערגעלאָזט און מיטגעגאַנגען מיטן פעטער. אויך דער פעטער שמואל איז אַנטלאָפן יענע נאַכט מיט זעליגן און דודלען. די מומע בעלאַ וויל אַוועקפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו צו איר משפחה. זי קאָן אָבער נישט געפינען קיין וואָגן, וואָס זאָל פאַרנעמען אויך אירע זאַכן. מיט דער באַן האָט זי מורא צו פאָרן אַליין. דער פעטער האָט פאַרפאַקט אַ ברויט אין אַ האַנטעך און אַנטלאָפן מיט ביידע זין.

ווי אַזוי האָבן אַלע געלאָזט אויף הפקר די וווינונגען מיט אַלע פאַרפאַקטע זאַכן? עס גייען איצט אַרום אַ סך גנבים איבער די הייזער און טראָגן אַרויס די פאַרפאַקטע זאַכן, דאָס בעטגעוואַנט און דאָס מעבל.

איך בין שנעל געלאָפן מיט די ליידיקע גאַסן צוריק

אַהיים. נישט פאַר די דייטשן האָב איך מורא געהאַט. פון דעם טאָג, וואָס דער טאַטע איז אַוועק, האָב איך גענומען היטן די היים. איך האָב געהאַט אַ פחד אַוועקצוגיין אויף לאַנג. עס איז זייער אומעטיק געוואָרן אין אונדזער הויז. די שכנים זענען יעדן טאָג געקומען פרעגן, צי האָבן מיר באַקומען אַ בריוו. איך האָב נישט געקענט זיך זעצן צום טיש עסן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב געקוקט אויף דעם לערן אָרט, ווו דער טאַטע איז תמיד געזעסן, האָט מיך געשטיקט אין האַלדז. איך האָב נישט געוואָלט וויינען, נאָר די מאַמעשי האָט גאַנצע טעג געוויינט.

דער שכן וויינטרויב, וואָס וווינט איבער אונדז, אויפן צווייטן שטאָק, איז שטענדיק געקומען טרייסטן די מאַמע. זיין פרוי האָט יעדעס מאָל איבערגעחזרט: „אָט, אָט מאַכט זיך אויף די טיר און אייער מאַן קומט צוריק".

דער שכן וויינטרויב האָט גערעדט צו די יידן, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אויפן הויף און אַרומגערעדט די לאַגע. ער האָט געזאָגט, אַז פון די דייטשן קאָן מען אין ערגעץ נישט אַנטלויפן, נאָר מען דאַרף זיך באַהאַלטן. בעלם ווערן! ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער האָט אַזאַ באַהעלטעניש, אַז קיינער אין דער וועלט וועט אים נישט געפינען.

אַלע האָבן גערעדט צו אַלע און צו זיך אַליין, אַז „זיי" וועלן די פרויען מיט קינדער גאָרנישט טאָן, נאָר אַלע מענער וועלן זיי פאַרשיקן. איז אפשר גוט, וואָס דער טאַטע איז פריער אַנטלאָפן! — האָב איך אַ סך מאָל גערעדט צו דער מאַמען. יאַדוויגאַ האָט שוין אַ סך מאָל גערעדט מיט דער מאַמען, אַז זי וויל מיט דינהלען פאָרן אין דאָרף, צו איר משפחה. אין די אָרעמע דערפער וועלן די דייטשן נישט קומען — איז זי געווען זיכער. זיי גייען נאָר אין די גרויסע שטעט צו באַראַבעווען די געשעפטן און די דירות. צו וואָס זאָלן קומען די דייטשן אין אונדזער דאָרף? צי פעלט זיי קרויט, אָדער קאַרטאָפל?

יעדן טאָג איז געשען אַן אַנדער אומגליק.

אויף די גאַסן זענען צעקלעפּט געוואָרן מעלדונגען, אַז אַלע יידן דאַרפן אָפּגעבן זייער צירונג און גאָלד. ווען איך בין געגאַנגען זיך שטעלן אין דער ריי נאָך ברויט, האָב איך די מעלדונגען געלייענט. אומעטום זענען אַזעלכע אויפ־שריפטן צעקלעפּט געוואָרן. אין דער ריי נאָך ברויט האָט דער דייטשער זעלנער געהייסן אַלע יידן זאָלן אַרויסגיין.

— ראַוס! — האָט ער געשריען און איינגעקוקט זיך אין פּנים פון יעדער פרוי און מאַן.

— יודע, יודע! — האָט א שייגעץ אויסגעשריגן. אָנ־געוויזן אויף איינעם פון דער ריי, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, קיינער זאָל אים נישט דערקענען. דער ס.ס.־מאַן איז צו אים צוגעלאָפן און געשלאָגן מיט אַ גומענער בייטש. אַ סך יידן זענען גלייך אַוועקגעגאַנגען פון דער ריי, איך בין אָבער ווייטער געשטאַנען אויף מיין אָרט. אָן ברויט האָב איך נישט געוואָלט אַהיימקומען. יאַדוויגאַ איז ארומ־געגאַנגען מיט אַ זעקל און געזוכט קוילן. עס איז נישטאָ אויף וואָס צו קאָכן, אויך די וועש קאָן מען נישט וואַשן אין קאַלטן וואַסער. אַזוי ווי דאָס פענצטערל פון דער בעקעריי איז געעפנט געוואָרן, האָבן זיך אַלע גענומען שטופּן פאָר־אויס. שנעל האָב איך באַקומען אַ הייס ברויט גלייך פון אויוון אַרויס. איך בין אַהיימגעלאָפן מיטן ברויט, אַוועק־געלייגט עס אויפן טיש און צוריקגעלאָפן אין דער ריי.

— הע, הע!... דו האָסט ערשט וואָס באַקומען אַ ברויט — האָט געשריגן אויפן קול אַ ווייבל מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ. אויף איר געשריי זענען צו מיר צוגעלאָפן עטלעכע בחורים און געוואָלט מיך אַרויסשלעפּן פון דער ריי.

דער זיידע מנשה קאָן דאָך נישט אַוועקשטעלן זיך צו־זאַמען מיט הונדערטער מענטשן, מען קאָן אים חלילה צע־דריקן. אויך די באָבע דבורהלע, אַזאַ שוואַכע און קליינע ווי זי איז, קאָן נישט אָפּשטיין שעהן אין דער ריי און וואַרטן אויף אַ ברויט. איך האָב עס געוואָלט באַלד אַוועקטראָגן צום זיידן מנשה. יאַדוויגאַ האָט אָבער געזאָגט, אַז זי וועט

דאָס ברויט אַהינטראָגן. ערשט איצט זע איך, וואָס פאַר אַ גוטע זי איז.

נאָך שעהן איז זי צוריקגעקומען. זי האָט דאָרט געוואַשן און געראַמט די שטובן. שוין עטלעכע טעג גייט זי צו דער באָבעשי רוימען. די אַלטע מיכאַלינאַ, וואָס איז יאָרנ־לאַנג געווען ביי דער באָבען, איז מיט איר מאַן אַוועק אין דאָרף, צו אירע קינדער.

די שקאָצים פון אונדזער גאַס שרייען צו יאַדוויגאַן מיט חוזק: „יידישע דינסט, יידישע שמאַטע". נאָר זי מאַכט זיך נישט הערן. איצט רעדט זי שוין מער נישט וועגן פאָרן אין דאָרף. זי זאָגט, אַז ווי נאָר דער „פּאַן" וועט צוריקקומען, וועט זי אַוועק מיט דינהלען. זי וויל זי באַהאַלטן ביי איר משפחה.



עס איז צוגעקומען אַ נייע אומגליק! די דייטשן כאַפּן איצט יעדן טאָג מענער אויף אַרבעט. זיי כאַפּן זיי אויף דער גאַס און פירן ערגעצווו אַוועק אויף אַ מאַשין. אָדער קומען זוכן אין די שטובן די וואָס באַהאַלטן זיך אויס. איך האָב געגומען טראַכטן, אַז עס איז גוט, וואָס דער טאַטעשי איז אַנטלאָפן. איך וואָלט דאָס גאָרנישט אויסגעהאַלטן, זיי זאָלן כאַפּן דעם טאַטעשי און אַוועקפירן אויף אַרבעט. וואָס הייסט עס „כאַפּן"? ווי אַזוי קאָן מען עס כאַפּן מענטשן און אַוועקפירן זיי אויף אַ טאָג אַרבעט און קיינער ווייסט נישט, וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט? דערנאָך, ווי אונדזער שכן וואַסערמאַן האָט דערציילט, וואָס די דייטשן האָבן מיט אים אָפּגעטאָן, גייט שוין קיינער פון די מענער נישט אַרויס אויף דער גאַס. אַ סך מענטשן זענען פּאַרמיטאָג באַ־האַלטן. וואָס איז שוין ווערט אַזאַ לעבן, אַז מען קאָן אפילו נישט אויף דער גאַס אַרויסגיין? רעדן איצט אַלע פון פריי־מאָרגן ביז נאַכט: אַנטלויפן! נאָר אנטלויפן!

אַלע יידן האָבן געמוזט אָנטאָן געלע לאַטעס. דאָס הייסט אַ מגן דוד־צייכן. אזוי האָבן באַפוילן די דייטשן. אויף אַלע גאַסן זענען צעקלעפּט געוואָרן באַקאַנטמאַכונגען, אַז

ווער עס וועט אַרויסגיין אָן אַ מגן־דוד־צייכן, וועט באַשטראָפט ווערן מיט טויט. די מאַמעשי האָט גלייך געקויפט אַ פּעקל מגן־דודס און אַוועקגעזעצט זיך צוזאַמען מיט יאַדוויגאַן אויפנייען אויף יעדן בגד אַזאַ געלע לאַטע. יאַדוויגאַ האָט אויך צו איר קלייד און צום טיכל צוגעניי‌ט אַ געלע לאַטע. זי האָט געזאָגט, אַז ווי לאַנג זי לעבט, האָט זי פֿון אַזאַ זאַך נישט געהערט.

„ווי אַזוי קאָן מען עס, פֿאַר קליין און גרויס צוקלעפּן אַזאַ מיאוסע לאַטע אויפֿן רוקן און אויף דער ברוסט?" — האָט זי געטענהט און אָן אויפֿהער געזידלט די דייטשן. זי האָט געזאָגט, אַז נאָר זי אַליין וועט גיין איינקויפֿן. ווייל אויך די פֿרויען כאַפּן די ס. ס.־מענער אויף אַרבעט. אַ יונגע פֿרוי קאָן זיך שוין נישט ווייזן אויף דער גאַס! באַלד כאַפּט מען זי צו רוימען די וווינונגען פֿאַר די דייטשן, וואָס וועלן קומען וווינען אין לאָדזש.



לאַנגע טעג זענען מיר געזעסן אין דער היים און געוואַרט אויפֿן טאַטעשי. אַזוי ווי עמעצער איז נאָר אַרויף אויף די טרעפּ, זענען אַלע געלאָפֿן צו דער טיר. אַ סך מענטשן זענען צוריקגעקומען. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן מער נישט קיין כוח זיך אַרומצווואַלגערן אויף די וועגן. קיין שטוב קאָן מען אין ערגעץ נישט קריגן. אין די נעכט שלאָפֿן די מענטשן אויף די פֿעלדער. דאָס עסן איז געוואָרן זייער טייער און ס׳ביסל געלט איז שנעל אויסגעגעבן געוואָרן. אַ סך מענטשן האָבן פֿאַרקויפֿט זייערע זייגערלעך און רינגלעך צו באַקומען אַ נאַכטלעגער און אַ מיטאָג.



די מאַמעשי האָט מיך געשיקט מיט אַ זעקעלע שפּייז צום זיידעשי: אַביסל צוקער, מעל, רייז, זייף און נאָך אַנדערע זאַכן.

איך בין אַרויס אויף דער גאַס אָן אַ לאַטע. געגאַנגען רואיק מיטן זעקעלע אין דער האַנט. געקוקט פֿאַראויס, ווי

עס וואָלט נישט געווען קיין מלחמה, קיין דייטשן. יאַדוויגאַ האָט געזאָגט, אַז קיינער וועט מיר גאָרנישט טאָן, ווייל איך האָב אַ „גוטן אויסזען״. האָב איך געפרעגט וואָס הייסט דאָס „א גוטער אויסזען״? זי האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז פאַר גאָט זענען אַלע גלייך, נאָר פאַר די דייטשן, דאַרפן אַלע האָבן בלאָנדע האָר... אזוי ווי דו, מיין קינד.

די באָבע דבורהלע האָט זיך זייער דערפרייט, וואָס איך בין געקומען. באַלד אָבער האָט זי מיר געהייסן אַהיימגיין. די מאַמעשי איז געגנוג איבערגעשראָקן, האָט זי געזאָגט און באַלד אָפּגעהאַקט. אירע אויגן זענען געוואָרן פול מיט טרערן. צי האָט געמיינט די באָבע דבורהלע, אַז די דייטשן קאָנען אויך מיך כאַפּן? פאַר יעדער זאַך האָבן מענטשן מורא באַקומען. פון דער גרויסער שטוב, אָנגעשטעלט מיט ספרים־שענק, איז אַרויס דער זיידעשי אין טלית. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און געפרעגט:

„ווו האָסטו דיין מגן־דוד, חיימל?״

„איך... איך וועל נישט אָנטאָן אַ לאַטע״, האָב איך געזאָגט, „די דייטשן וועלן מיך נישט דערקענען״.

דער זיידע מנשה האָט מיך אַריינגעפירט אין זיין צימער. אַוועקגעזעצט זיך ביי אַן אָפן ספר. אַלע מאָל איז ער געזעסן ביי אַן אָפן ספר און געלערנט. טרויעריק האָט ער געקוקט אין מיינע אויגן און געזאָגט:

— זאָלסט זיך קיינמאָל נישט אויסבאַהאַלטן אַז דו ביסט אַ ייד. אַזוי ווי אַלע דאַרפסטו טראָגן דעם מגן־דוד. דאָס איז אַ יידישער שטערן.

איך האָב געקוקט אויף זיין לאַנגער ווייסער באָרד און גאָרנישט גערעדט. דאַן האָט ער אַרויסגענומען אַ ספר פון דער שאַנק און אַרויסגעלייענט: „ונתתי את נקמתי באדום על ידי עמי ישראל״.

— געדענקסטו דעם פסוק? — האָט ער מיך געפרעגט

— איצט ביסטו שוין אַלט צען יאָר. ס׳איז צייט זיך נעמען צום לערנען.

אויך דער זיידעשי האָט מיך נישט געוואָלט לאַנג פאַר־

האַלטן. ביים אָוועקגיין האָט ער צו מיר געזאָגט: „אפילו אין אַ מלחמה, מוז יעדער ייד לערנען תורה. אם ירצה השם, אַזוי ווי איך וועל געזונט ווערן, וועל איך מיט דיר יעדן טאָג לערנען. וועסט קומען, חיימל?״

— איך וועל קומען — האָב איך געענטפערט. כ׳האָב געוווסט, אַז ווען דער טאַטע וועט צוריקקומען, וועט ער זיין צופרידן, וואָס איך לערן ביים ציידעשי.



עס איז געשען אַ שרעקלעכע זאַך: פאַרנאַכט איז מיט־אַמאָל אַריינגעקומען די מומע ליזא מיטן פעטער מאַקס. זי איז געקומען אַ פאַרפרוירענע, אין אַ לייכטן זומער־מאַנטל. אין דרויסן איז געפאַלן אַ שניי און עס איז געווען זייער קאַלט. אויך דער פעטער מאַקס איז געקומען אָן מאַנטל און אָן אַ הוט. זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט קליינע וואַליזקעס.

די מאַמעשי האָט זיי אויפגענומען אַ דערשראָקענע. וואָס האָט פּאַסירט? ווי גייט איר דאָס אַרויס פון דער היים אָן אַ מאַנטל? וואָס פּלוצים מיט רענצלעך? איך האָב געזען, אַז די מאַמעשי האַלט זיך צוריק מיט אַלע כוחות נישט אויס־ברעכן אין אַ געוויין. דער פעטער מאַקס איז געווען בלאַס. אַוועקגעזעצט זיך ביים טיש, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פּלו־צים האָט ער אַ געשריי געטון:

— ראוס יודע!

דאָס האָט ער נאָכגעמאַכט, ווי די דייטשע זעלנער שרייען אין די ברויט־רייען.

— אויס וווינונג, אויס היים... דער אָפיציר האָט אונדז באַפוילן אין צען מינוט צייט צו פאַרלאָזן אונדזער הויז, מיטנעמען נאָר איין רענצל — האָט ער פאַמעלעך אַלץ אויסדערציילט. — ...פאַרן טייוול אָפּגעהאַרעוועט אַ לעבן... פאַרן טייוול — האָט ער גערעדט צו זיך. די שיינע מומע ליזאַ האָט פאַרדעקט דאָס פנים מיט די הענט. זי האָט נישט

געוויינט. קוים אַרויסגערעדט: איך וועל דאָס נישט איבער־האַלטן. ניין!

— טייערע ליזאַ — האָט די מאַמע גענומען זי טרייסטן — דו ביסט צוזאַמען מיט דיין מאַן, דיינע קינדער זענען אין פּאַלעסטינע! דו דאַרפסט זיין גליקלעך! גליקלעך! איר וועט זיין מיט אונדז! וואָס איז היינט וויכטיק אַ הויז?

— סדום, סדום — האָט יאַדוויגאַ געמורמלט צו זיך, ווען זי האָט צוגעטראָגן צום טיש אַ טאַץ מיט טיי און קיכלעך.

זי האָט א סך דרך־ארץ געהאַט פאַר דער מומע ליזאַ, וואָס איז געווען די רייכסטע אין דער משפחה. אויף יעדן קריסטלעכן יום־טוב, ווען יאַדוויגאַ איז געפאָרן אין דאָרף, האָט איר די מומע ליזא געבראַכט טייערע מתנות. איצט האָט די דינסט רחמנות געהאַט אויף דער מומע, וואָס האָט מער נישט קיין היים, קיין זאַכן, גאָרנישט. די דייטשן האָבן צוגענומען די פּעלצן, דאָס מעבל, אַלע שיינע זאַכן פון הויז און געהייסן זיי גיין? ווי קאָן עס אַזאַ זאַך געשען? קיינער קאָן עס נישט פאַרשטיין. אַלע האָבן גערעדט, אַז די דייטשן וועלן אָפּטון אַ סך צרות די יידן, אָבער אַזאַ זאַך האָט זיך קיינער נישט געקענט פאָרשטעלן. די מומע ליזאַ האָט דאָך די שענסטע וווינונג פון דער גאַנצער משפחה. קיינער האָט נישט געהאַט אַזאַ סאַלאָן מיט אַזעלכע לאָמפּן און בילדער. פון בערלין האָט זיי די מומע ליזאַ געבראַכט. דאָרט האָט געוווינט איר גאַנצע משפּחה. און די מומע ליזאַ האָט שטענדיק גערעדט נאָר דייטש. אויך די דינסט איז ביי איר געווען אַ דייטשע. די מומע ליזאַ האָט אַלעמאָל געזאָגט: „נאָר זיי פאַרשטייען אָרדענונג און זויבערקייט".

*

מיין חבר מילעק איז געקומען. לאַנג האָב איך אים נישט געזען. ווי עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה האָבן מיר געהאַט אַזויפיל צרות און זאָרגן, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו אים צוגיין, כאָטש ער האָט געוווינט אויף דער צווייטער גאַס.

— שוין פון לאַנג האָב איך געוואָלט קומען — האָט ער געזאָגט — נאָר פון ערשטן טאָג פון דער מלחמה איז די מאַמע קראַנק געוואָרן. אזוי ווי נאָר די דייטשן זענען אַריינ־געקומען מיט מאָטאָציקלען, מיט די גרויסע מאַשינען און געווער, איז זי אינגאנצן געל געוואָרן.

ער האָט דערציילט, אַז אַלע יאָרן איז זיין מוטער קראַנק געווען. ווי עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז איר מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער, זי קאָן זיך מער נישט האַלטן אויף די פיס. מיר זענען געזעסן אויף די קליינע טרעפלעך פון אונדזער איינגאנג. מילעק האָט מיר אויך דערציילט, אַז זיין פאָטער האָט מיט אַן אַרבעטער פון זיין פאַבריק זיך געטוישט מיט דער דירה. ער האָט אים אַריינגעלאָזט אין זיין וווינונג אין דער שטאָט, און איז אַריבער אין דער פאָר־שטאָט אין צוויי קליינע שטיבעלעך. דאָרט וווינען אַלע אָרעמע יידן. די דייטשן גייען דאָרט ווייניק איבער די שטובן. נאָר פון די ברויט־רייען וואַרפן זיי אַרויס אַלע יידן. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז אין אַלע גאַסן הינטער דער שטאָט וועט אייגעפירט ווערן אַ געטאָ פאַר די לאָ־דזשער יידן. דאָרט וועלן אַלע אַריינגעטריבן ווערן.

איצט וווינט מילעק ווייט און איך וועל שוין נישט קענען צוגיין צו אים — האָב איך באַדויערט נאָך זיין אַוועק־גיין. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז אַ בחור מיטן נאָמען אריה האָט צוזאַמענגענומען אַ סך יינגלעך און מיידלעך און זיי טרעפן זיך יעדן נאָכמיטאָג אין אַ שולע. ער לערנט זיי זינגען העברעאישע לידער און דערציילט וועגן פאַלעס־טינע, וואָס דאַרף זיין אַ לאַנד פאַר אַלע יידן. מילעק איז געווען זייער צופרידן, וואָס זיי זענען אַוועק פון דער שטאָט. זיין פאָטער האָט באַקומען אַ פאָסטן אין דער „גמינע". צו־געגנומען אַ לערער, וואָס קומט יעדן טאָג לערנען מיט אים. אוי, גוט איז אים אַז ער קאָן לערנען! איך האָב אַפילו נישט קיין פרייע רגע צו לייענען אַ בוך. ער האָט מיר אַלץ אויס־דערציילט שנעל, שנעל, ווייל אזוי ווי די מאמע זיינע ליגט שטענדיק אין בעט, מוז ער זיין אין דער היים. אָפּהיטן זי.



עטלעכע טעג איז דער פעטער מאַקס אַרומגעגאַנגען איבער דער פאָרשטאָט און געזוכט פאַר אונדז אַ וווינונג. ער האָט געזאָגט, אַז מען טאָר נישט וואַרטן, ביז די דייטשן וועלן אונדז אַרויסוואַרפן. איך האָב נישט געוווּסט, אַז הינ־טער דער שטאָט וווינט אונדזערע אַ קרובה. זי איז אַ שניי־דערין, הייסט ציללאַ. דער פעטער מאַקס האָט דערציילט, אַז זי האָט געהאָלפן געפינען פאַר אונדז די וווינונג. צוויי שטובן מיט ליכט און וואַסער. דער פעטער מאַקס האָט גע־זאָגט, אַז דאָס איז אַ גרויס גליק, ווייל אין אַ סך דירות אויפן באַלוט (אַ פאָרשטאָט אין לאָדזש) איז נישטאָ קיין וואַסער אין דער וווינונג. די ציללאַ וווינט אויף דעם זעלבן הויף.

וולאַדעק דער זון פון דעם הויזוועכטער, פירט איצט אַריבער אַלע אונדזערע זאַכן. ער האָט אויסגעפּאַרטיקט אַ קליינעם שליטן און האָט נישט קיין מורא פאַר קיינעם, עטלעכע מאָל אין טאָג מאַכט ער דעם וועג פון שטאָט צום באַלוט. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער הויזוועכטער מיט זיין משפחה וועלן אַריין אין אונדזער וווינונג ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. זיי וועלן שלאָפן אין אונדזערע בעטן! עסן ביי אונדזער טיש! פאַרוואָס? פאַרוואָס דאַרפן מיר אַלץ איבערלאָזן און אַוועקגיין מיט אַ פעקעלע זאַכן? איך קאָן דאָס אַלץ נישט פאַרשטיין.

ווי שווער איז אונדז געווען אַרויסצוגיין פון אונדזער הויז! איך האָב מיך נישט געקענט באַרויקן, כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז אויך אַ סך שכנים זענען אַוועק פון זייערע דירות. עס איז נאָך געווען פינצטער, ווען מיר האָבן דאָס לעצטע מאָל געגעסן אין אונדזער גרויסער עס־שטוב. אַלע האָבן זיך אָנגעטון וואַרעם און יעדער האָט גענומען אין האַנט אַ פעקעלע זאַכן. די מומע ליזאַ מיטן פעטער מאַקס זענען אַ נאַכט פריער אַוועק אין דער נייער דירה. איך בין מיט דער מאַמע געגאַנגען פאָראויס. מיטאַמאָל האָבן מיר אַנדערש זיך אויסגעוויזן די גאַסן און די מענטשן. מיר האָבן געטראָפן עטלעכע באַקאַנטע, אָבער זיי האָבן קוים אַ שאָקל

געטאָן מיטן קאָפּ צו דער מאַמע. צי ווילן זיי אונדז מער נישט קענען? יאַדוויגאַ מיט אריהלען אויף דער האַנט און מיט דינהלען איז געגאַנגען אָפּגערוקט פון אונדז. אויך זי האָט אויף איר טוך געטראָגן אַ לאַטע. זייער לאַנג זענען מיר געגאַנגען איבער פאַרשידענע גאַסן. עס איז געווען קאַלט און דער פראָסט האָט געשניטן דאָס פּנים. די פיס זענען מיר געפרוירן געוואָרן. אויך די מאַמע איז קוים געגאַנגען מיטן שווערן פּאַק זאכן. אויף דער קרייצונג פון די גאַסן האָט די מאַמע גענומען אריהלען אויף די הענט. דעם גאַנצן וועג האָט יאַדוויגאַ געווישט די אויגן מיטן עק פון דער טוך. זי איז מיד געוואָרן פון טראָגן דינהלען אויף די הענט. די טראַמווייען זענען געפאָרן ווי אַלעמאָל, נאָר מיר האָבן מורא געהאַט אַריינגיין אפילו אין לעצטן וואַגאָן.



ווי וועלן מיר קאָנען לעבן אין די צוויי קליינע שטובן? איין שטוב האָט די מאַמע אָפּגעגעבן פאַר דער מומע ליזאַ. אַלע זאַכן זענען געלעגן אין די ווינקלען אין אַ באַרג אָנגעלייגט. אין דער שטוב זענען פאַראַן נאָר צוויי בעטן מיט אַ קליינער שאַנק. דעם טיש מיט די בענקלעך וועט וולאַדעק ברענגען.

יאַדוויגאַ האָט זיך באַלד גענומען צום רוימען, מאַכן אַן אָרדענונג. עס איז אָבער נישט געווען וווּ צו לייגן די זאַכן. האָט זי זיי פון איין ווינקל געלייגט אין צווייטן. ווי ענג איז געווען אין דעם שטיבל! און דאָס ערגסטע — די קעלט. ווי אַזוי וועלן מיר לעבן אין באַלוט? מיר קענען דאָ נישט קיינעם, האָב איך אַ גאַנצן טאָג געטראַכט. פאַרוואָס, פאַרוואָס האָבן מיר געמוזט אַרויס פון אונדזער אייגן הויז?

איך האָב אָבער געזען, אַז אַנדערע איז אַ סך ערגער. אין דעם הויף פון דער גמינע וואַרטן מענטשן מענטשן אויף אַ קליין צימערל און קאָנען דאָס נישט באַקומען. מענטשן פאַרקויפן זייערע זאַכן, צו קויפן אַ ברויט, אָדער אַביסל קאַרטאָפל. אויף די ראָגן פון די גאַסן שטייען זיי מיט מאַנטלען און

אנצוגן און וואַרטן אויף אַ קונה. די פרויען פאַרקויפן זייערע טישטעכער און האַנטעכער, זייגערלעך און האַנט־טאַשן.



איצט ווייס איך שוין, אַז איך בין אין אַ געטאָ.

אין די גאַסן גייען ארום נאָר יידן. די פּאָליאַקן זענען אַריבער אין דער שטאָט, אין די יידישע וווינונגען. אַ סך זענען אנטלאָפן אין די דערפער. אַרום אַלע גאַסן זענען אויפגעשטעלט הילצערנע דרענגלעך אַרומגעצויגענע מיט דראָטן.

וולאַדעק איז געקומען און געבראַכט אונדזערע זעק מיט רייז, קאַשע און קאַרטאָפל. ער האָט זיי צוגעדעקט מיט רויטע קישנס און מיט שטרוי, און קיינער האָט אים אויפן וועג נישט אָפּגעשטעלט.

די פרוי צילא האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער גרעסטער אוצר. מיר דאַרפן זיין גליקלעך, וואָס מיר האָבן אַזויפיל פּראָדוקטן אָנגעגרייט. מיט יעדן טאָג ווערט אַלץ טייערער און די קרעמער באַהאַלטן די זאַכן פאַרן „שוואַרצן מאַרק״. דאָס ערשטע מאָל האָבן אַלע היינט אָנגעהויבן רעדן פון „שוואַרצן מאַרק״, אַז נאָר אויף „שוואַרץ״ וועט מען זיך איינשאַפן עסן.

די מאַמעשי האָט פאַר דער פרוי צילאַ אַוועקגעלייגט אַ חלק פון דער שפּייז, אָבער זי האָט גאָרנישט געוואָלט נעמען. זי האָט געזאָגט, אַז קודם מוז מען היטן די קינדער. זי איז זייער אַ גוטע און איך ווייס נישט פאַר וואָס זי איז קיינמאָל נישט געקומען אין אונדזער וווינונג. איך האָב גאָרנישט געוווסט, אַז זי איז אונדזערע אַ קוזינע. אין אַלע זאַכן העלפט זי אונדז אַרויס.

— וואָס וואָלטן מיר געטאָן היינט אָן דער טייערער צילא? — האָט אָפטמאָל איבערגעחזרט די מומע ליזא.

די ערשטע נאַכט בין איך מיט דינהלען געשלאָפן אין איר שטיבל. זי איז זייער, זייער אָרעם. האָט נאָר אַ בעט, אַ שאַנק, אַ טישל מיט אַ פּאָר בענקלעך געהאַט. אין ווינקל

פון איר שטוב איז געשטאַנען אַ ניי־מאַשין. אַ גאַנצן טאָג איז זי געזעסן ביי איר ניי־מאַשין און גענייט רוקזעק. קליי־נע און גרויסע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז אַ סך פרויען אַנט־לויפן פון געטאָ און יעדער דאַרף אַ רוקזאַק, אַלע יידן לויפן איצט צו דער רוסישער גרענעץ.

יעדן טאָג זענען אין געטאָ געקומען וואָגנס מיט יידן פון די קליינע שטעטלעך.

— איך פאַרשטיי שוין גאָרנישט — האָב איך געזאָגט צו דער מומע צילאַ. זי האָט מיר געזאָגט איך זאָל זי נישט רופן „פרוי צילא", ווייל אַזוי רעדט מען צו פרעמדע און זי איז דאָך אונדזערע אַן אייגענע, אַ קוזינע.

אין געטאָ איז געווען אַ צעמישונג. איינער איז גע־לאָפן אין געטאָ און איבערגעלאָזט אַלץ אין דער היים. אַן אַנדערער איז געלאָפן קיין רוסלאַנד. עס זענען אפילו געקומען בריוו פון זיי.

און איך האָב נאָר געוואָלט לויפן צוריק אהיים. דאָרט האָב איך געקענט אַלע. די מענטשן, די גאַסן, די קינדער פון הויף. און דאָ אין געטאָ איז גאָרנישט דאָ. איך בין אפילו נישט אַראָפּגעגאַנגען אויפן הויף.



אַ לאַנגע צייט איז דער פעטער מאַקס ארומגעגאַנגען און געזוכט אַ דירה פאַר דער באָבע דבורהלע מיטן זיידן, און נישט געקאָנט געפינען. יאַדוויגאַ האָט צוגעהאָלפן פאַר־פּאַקן דאָס בעטגעוואַנט און די מלבושים מיטן קיך־געשיר. וולאַדעק האָט אַלץ אַריבערגעפירט אין אונדזער דירה. ער איז אָפט געקומען צו אונדז. מיטגעבראַכט אַלעמאָל פוטער, ווורשט און פלייש. געהאַנדלט און געמאַכט גוטע געשעפטן. די באָבעשי האָט אים געגעבן אַ סך זאַכן צו באַהאַלטן. ביי אונדז איז נישט געווען קיין אָרט ווו זיי אָוועקצולייגן. איצט זענען מיר אַלע צוזאַמען. די שטוב איז אָנגעשטעלט מיט אויסלייג־בעטלעך, זעק און קויבערס.

עס איז קאַלט, און קיין קוילן קאָנען מיר נישט באַ־קומען.

די מומע צילא האָט דערציילט, אַז אַ סך מענטשן הויבן אָן פאַרברענען די קיך־שענק, שופלאָדן פון די טישן; אַנדערע פאַרברענען אַלטע שיך און קויבערס. זי האָט שטענדיק גערעדט צו דער מאַמעשי מיט איר שטילער און רואיקער שטימע, אַז ווער עס וויל דערלעבן צום מאָרגן, מוז אַלץ טאָן כדי איבערצולעבן דעם היינט. זי איז אַלע־מאָל געווען אַליין און אָרעם, פאַר איר איז דאָס אַלץ נישט אַזוי שווער — האָט גערעדט די מומע ליזאַ, א סך דאַרף מען פון איר לערנען.



אין איינעם אַ טאָג בין איך געגאַנגען אין דער בע־קעריי מיט אונדזער הויז־דינסט יאַדוויגאַ. איך האָב גע־האָלפן טראָגן די שיסל מיט מעל. די בעקעריי איז געווען פול מיט ווייבער און מיידלעך.

אַ סך יידן האָבן געקויפט זעק מיט מעל נאָך פאַר דער מלחמה, זיי ווילן נישט שטיין אין די רייען נאָך ברויט.

אין דער בעקעריי איז געווען זייער פריילעך. דער אַל־טער בעקער, מלך האָט ער געהייסן, האָט די גאַנצע צייט אָפּגעלאַכט פון די דייטשן.

— מיט יידן, האָט ער געזאָגט, קאָן קיינער נישט פירן קיין מלחמות. ווילן די דייטשן נישט געבן קיין ברויט, באַקן אַלע חלות און קוכנס אינדערוואָכן. וואָס זאָגט איר אויף היטלערס מלחמה? ער וועט האָבן המנס סוף, איידער מירן אויסבאַקן דאָס מעל! — האָט ער געלאַכט אויפן קול. ער האָט דערציילט אַ סך מעשיות פון דער ערשטער מלחמה. אַלע האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין.

אין דער בעקעריי איז געווען וואַרעם. דאָס פרישע געבעקס האָט געשמעקט. מלך האָט געזונגען רוסישע און יידישע לידלעך. ווען אַ ווייבל איז אַוועק מיט אַ קויבער

פרישע ברויטן — האָט ער אַ זאָג געטאָן: אַ גוטן אַפּעטיט, מאַדאַם!

אויף די ווערטער האָבן אַלע געלאַכט, ווי איך האָב שוין לאַנג לאַכן נישט געהערט. ווער איז דאָס היינט אין געטאָ אַ „מאַדאַם" — אַז אַלץ איז געבליבן אין דער היים, אין דער שטאָט!

ער האָט געוווּסט, אַז קיינער האָט קיינמאָל קיין ברויט נישט געבאַקן. נאָר ער האָט געזאָגט, אַז דאָס קאָן קיינעם נישט שאַטן.

יאַדוויגאַ האָט געלערנט די פרויען באַקן גרויסע, רונ־דיקע ברויטן. אַזעלכע ווי זי האָט אַמאָל ביי זיי אין דאָרף געבאַקן. זי האָט באַשמירט דאָס ברויט מיט בוימל, און באַשאָטן מיט קימל. זי איז געווען אַ גרויסע בריה אויף יעדער זאַך. די מיידלעך און פרויען האָבן געבעטן דעם בעקער מלך, ער זאָל זיי אויסלערנען מאַכן שיינע זעמע־לעך און חלות. ער האָט זיך אָבער אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן און געזאָגט:

— די סודות פון מיין פאַך גיב איך נישט אויס קיינעם! אַלע ווילן היינט ווערן בעקערס און וואָס וועל איך טאָן נאָך דער מלחמה?

— דאָס איז דאָס בעסטע פאַך אין דער וועלט — האָט ער געזאָגט. היינט זענען מיך אַלע מקנא. עסן פעלט מיר נישט. שלאָפן קאָן איך אויפן באַק־אויוון. הע, הע, האָט ער געלאַכט. נישט דערלעבן וועט אַ דייטש מיך אַרויסצוואַרפן פון אַ ריי! איך קאָן לעבן רק מיט ברויט, ברויט איז לעבן!



ווען איך בין אַהיימגעקומען מיט די ברויטן, האָט די מאַמעשי מיך געשיקט מיט אַ ברויט צו דער מומע צילאַ.

די מומע צילאַ האָט אָבער אונדז אַלעמען געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מען טאָר נישט אויסבאַקן דאָס גאַנצע מעל. קיינער ווייסט נישט, וואָס וועט זיין מאָרגן... כאָטש די

דייטשן וואַרפן אַרויס פון די רייען און עס איז קאַלט אָן גאַס, דאַרפן אַלע גיין אין די רייען. נעמען אַלץ, וואָס „זיי״ גיבן. זי איז געווען זייער קלוג, האָט אַלעמאָל גערעדט, אַז מען מוז אויסבאַהאַלטן די פּראָדוקטן. נעמען דאָס פערד־פליישׁ, און אפילו די ביינער.

איצט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז די דייטשן וועלן ביי אַלע יידן אין געטאָ צונעמען דאָס געלט.



דער פעטער מאַקס מיט דער מומע ליזאַ זענען אַוועק־געגאַנגען פון אונדז, דאָס הייסט, זיי זענען אַוועקגעפאָרן. זיי זענען אַוועק מיט אַ גרופּע מיידלעך און בחורים, וואָס ווילן אָנקומען צו דער גרענעץ. זיי אַלע האָבן געטראָגן גרויסע רוקזעק אויף די פּלייצעס — אַזעלכע, וואָס די מומע צילאַ נייט גאַנצע טעג. אַלע האָבן אָפּגעקויפט הויכע שטיוול פון די פּאָליאַקן. זיי ברענגען אין געטאָ שטיוול, עסנוואַרג, און פאַרקויפן אַלץ פאַר זייגערלעך, גאָלדענע קייטעלעך אָדער רינגלעך. יעדער האָט געזאָגט, אַז די מומע ליזאַ האָט גוט געטאָן, וואָס זי איז אַוועק. זי האָט דאָך געהאַט אַן אייגן הויז ווי אַ פּאַלאַץ און געלעבט ווי אַ קייזערין!

פאַרן זיידעשי האָט דער פעטער מאַקס געדונגען אַ דירה, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן, גאַנץ באָענט צו אונדז, אויף דער צווייטער גאַס. דאָס איז אַן אַלט הויז פון האָלץ. דאָס וואַסער מוז מען שלעפּן פון הויף, פון דעם אייזערנעם פּלומפּ. יעדן טאָג בין איך געגאַנגען צום זיידעשי ברענגען אַ פּאָר עמערס וואַסער. דאָס פּלומפּען איז געווען זייער שווער, ווייל דאָס וואַסער איז געווען פאַרפרוירן. ווי איך האָב געבענקט צו אונדזער היים! אַלץ איז דאָרט געווען! איצט האָבן מיר גאָרנישט, האָב איך שטענדיק געטראַכט. פאַרוואָס איז דאָס אַלץ געשען? פאַרוואָס האָבן מיר אַלץ פאַרלוירן און געמוזט אַוועק פון אונדזער אייגן הויז? גיין אין געטאָ! וווינען הינטער דער שטאָט, אין באַלוט!

ווו איז דער טאַטעשי? אַ סך מענטשן, וואָס זענען געלאָפן צו דער רוסישער גרענעץ, שרייבן בריוו. פאַרוואָס קומט נישט קיין בריוו פון טאַטעשי? פון אונדזערע באַקאַנטע, וואָס זענען צוריקגעקומען, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן דעם טאַטעשי אין ערגעץ נישט געטראָפן. זייער טרויעריק איז געווען אין דער היים, כאָטש אַלע שכנים זענען אונדז געווען מקנא, וואָס מיר האָבן געוווינט אין צוויי שטובן. און אונדזער דינסט יאַדוויגאַ איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען אין געטאָ און זי העלפט דער מאַמעשי.

יאַדוויגאַ האָט ווידער גערעדט מיט דער מאַמעשי, אַז זי וויל אַוועק מיט דינהלען. צוויי מאָל איז שוין איר ברו־דער געקומען פון דאָרף, זי רופן אַהיים. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אַוועק אָן דינהלען, איך האָב זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ זאַך, אַז מיין קליין שוועסטערל זאָל אַוועק פון אונדז. ווי אַזוי וועלן מיר קאָנען זיין אָן דינהלען?!

★

פלוצים איז דינהלע קראַנק געוואָרן. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס איז מיט איר געשען. זי האָט געקריגן היץ. געבראָכן אַ גאַנצן טאָג. אויך אריהלע איז קראַנק געוואָרן ווען מיר זענען געקומען אין געטאָ. זיין שוואַכקייט איז גיך אַדורך. ער איז געפרוירן געוואָרן ווען מיר זענען אַרויס פון דער היים.

מיט יעדן טאָג איז דינהלען געוואָרן ערגער. די מומע צילאַ האָט געקענט יעדן אין געטאָ, און זי האָט טאַקע באַלד גערופן אַ דאָקטאָרין. די דאָקטאָרין האָט געזאָגט, אַז דאָס איז גאָר אַ נייע קראַנקהייט, און מען מוז אויסוואַרטן עטלעכע טעג.

יאַדוויגאַ האָט געוויינט אָן אויפהער. זי האָט געזאָגט, אַז שוין לאַנג האָט זי געדאַרפט אַנטלויפן מיט דינהלען.

אַלע האָבן געזען, אַז פון אונדזער שטוב האָט יאַדוויגאַ ליב נאָר דינהלען. זי איז פאַר איר געווען די גאַנצע וועלט. דער זיידע מנשה האָט אָבער געזאָגט, אַז אפילו יעקב הצדיק

האָט יוספן מער ליבשאַפט אַרויסגעוויזן, ווי די אַנדערע זין. ווי קאָן מען האָבן אַ טענה צו אַ פּשוטער פרוי, אַז זי האָט דווקא דינהלען אַריינגענומען אין האַרץ און וויל זי אָפּראַטעווען? די מאַמעשי איז אַרומגעלאָפן זוכן רפואות. אַ סך אַפּטייקן זענען פאַרמאַכט געוואָרן. יעדע זאַך האָט געקאָסט זייער טייער. איך בין געשטאַנען פון אינדערפרי ביז נאָכמיטאָג נאָך אַ ביסל מילך אין דער ריי. געהערט ווי מענטשן האָבן דערציילט, אַז אַ סך קינדער זענען קראַנק און עס איז נישטאָ פאַר זיי קיין עסן און קיין הילף און אַז די דאָקטוירים זענען אַנטלאָפן. צו דינהלען אָבער איז יעדן טאָג געקומען אַ דאָקטאָרין, און די מאַמעשי האָט אַ סך זאַכן פאַרקויפט כדי צו פאַרשאַפן אַלץ, וואָס די דאָקטאָרין האָט פאַרשריבן.

די דאָקטאָרין האָט געהייסן פּאַוולאָווסקאַ. יעדן טאָג איז זי צו אונדז געקומען. איר מאַן איז געווען אַ פּאָלאַק. ער איז געבליבן אין דער היים מיט די קינדער. יעדן פאַרנאַכט געבראַכט עסן און רפואות. זי האָט דערציילט דער מאַ־מעשי וועגן אירע קינדער. געוויזן זייערע בילדער און געזאָגט, אַז זיי וועט גאָרנישט געשען, ווייל זיי האָבן אַ „גוטן אויסזען". אַלע אירע באַקאַנטע האָבן איר אָנגערעדט זי זאָל גיין אַליין אין געטאָ, ווייל די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן און אַלע יידן וועלן באַלד צוריקגיין אין דער שטאָט אין זייערע וווינונגען. גאָט אין הימל! וואָס פאַראַ גליק וואָלט דאָס געווען, האָב איך געטראַכט.

די מאַמעשי האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח צו לויפן איבער די געסלעך זוכן אַביסל האָניק און פּוטער. ווי שלעכט זי האָט אויסגעזען! אריהלע איז אויך אַן אַנדערער געוואָרן. טרויעריק איז געווען צו זען אים אַ גאַנצן טאָג ליגן אין בעט. אין שטוב איז שטענדיק קאַלט געווען, האָט ער זיך געשפּילט אין בעט. פון דעם טאָג אָן ווען דינהלע איז קראַנק געוואָרן, בין איך ביי מילעקן נישט געווען. אַלע זאַכן פון די געשעפטן האָב איך אַהיימגעבראַכט. יעדעס מאָל, ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אַז עס האָט זיך שוין

פון לאַנג אָנגעהויבן דאָס שול־יאָר און קיינער לערנט נישט — האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז צום גליקלעכסטן בין איך געווען ווען איך בין געגאַנגען יעדן טאָג אין דער שול. איך האָב נישט געהאַט ווען אַריינצוקוקן אפילו אין די ביכלעך, וואָס די מאַמעשי האָט מיר געקויפט.



דינהלע איז אַוועקגעפאָרן מיט יאַדוויגאַן אין דאָרף.

ווי נאָר עס איז איר בעסער געוואָרן, האָט די מאַמעשי געדונגען אַ פור. אַלע אירע זאַכן זענען אַריינגעלייגט געוואָרן אין אַ זאַק. יאַדוויגאַ האָט מיטגענומען איר גרויסן קאַסטן, ווו זי האָט פון יאָרן באַהאַלטן אַלץ, וואָס זי האָט זיך אָנגעזאַמלט: די קליידער, אַלע מתנות, וואָס זי האָט באַקומען. זי האָט אַלעמאָל געזאָגט, אַז דאָס איז איר נדן.

איצט איז שוין אויס היים! — האָב איך אַ סך מאָל געוויינט אין די נעכט. דער טאַטעשי אַוועקגעפאָרן, דאָס בעטעלע פון דינהלען אין ליידיק געוואָרן. יאַדוויגאַ איז מער נישטאָ מיט אונדז. די מאַמעשי איז אַרומגעגאַנגען צו פאַרשידענע באַקאַנטע בעטן זיי זאָלן איר העלפן געפינען אַן אַרבעט. עס איז געווען זייער קאַלט, אָבער נאָר פאַר־נאַכט האָט די מאַמעשי איינגעהייצט דאָס אייוועלע כדי אָפּצוקאָכן אַביסל עסן. אריהלע איז געשלאָפן מיט דער מאַמעשי, ווייל ער איז געפרווירן געוואָרן אין זיין בעטעלע. אַ סך זאַכן, וואָס יאַדוויגאַ האָט געטאָן, האָב איך געפרוווט צו מאַכן. די מומע צילאַ האָט געהאָלפן אונדז שטענדיק, כאָטש זי איז געווען איינע אַליין און האָט שווער געאַרבעט.



מילעק איז עטלעכע מאָל געווען ביי אונדז. ער האָט מיך געוואָלט מיטנעמען אין דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט דערציילט, אַז אַ סך חברה ווילן אַוועק הינטערן געטאָ אויף די פוסטע פעלדער, און מאַכן דאָרט אַ קבוצה. זיי וועלן פאַרזייען גרינס. עסן וועט זיי נישט פעלן. זיי לערנען העב־

רעאיש, יידישע געשיכטע און אַ סך אַנדערע זאַכן. איך האָב אָבער נישט קיין צייט געהאַט צו גיין אין ערגעץ. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די גאַנצע אָרגאַניזאַציע וויל נאָך דער מלחמה פאָרן קיין פּאַלעסטינע.

זיין פאָטער האָט פאַר אים צוגענומען אַ לערער. יעדן טאָג קומט ער צו אים. די מאַמעשי האָט זיך געזאָרגט, וואָס וועט זיין מיט מיר? איך האָב דאָך אפילו נישט געהאַט קיין צייט אַביסל צו לייענען, פון די ביכלעך, וואָס איך האָב געבראַכט אין געטאָ. עס זענען געווען קינדער, וואָס זענען געגאַנגען אין דער שול, נאָר איך האָב דאָך נישט געקענט איבערלאָזן אריהלען אַליין אין שטוב!

דער זיידע מנשה איז געקומען יעדן טאָג לערנען מיט מיר חומש. אויך מיט דערוואַקסענע בחורים האָט ער געלערנט.

יעדן טאָג קאָן געשען אַ נס די מלחמה זאָל זיך ענדיקן — האָט ער אַלעמאָל געזאָגט, נאָר לערנען תורה טאָר מען נישט פאַרלאָזן.



עס איז געקומען א פויער פון דאָרף מיט א בריוול פון יאַדוויגאַ. אויף אַ צעקנייטשטע פּאַפּירל האָט זי געשריבן מיט קרומע אותיות, אַז גאָט צו דאַנקען, דאָס קינד איז געזונט. ביי זיי אין דאָרף איז וואַרעם, ווייל זיי האָבן גענוג האָלץ און שפּענער פון וואַלד אָנגעזאַמלט. זי האָט געשריבן מיר זאָלן נישט איבערטראַכטן, ווען עס וועט נישט קומען קיין בריוו. קיינער וויל נישט אַרויס פון דאָרף. דער פויער האָט דערציילט, אַז אַלע האָבן מורא פאַר די דייטשן, ווייל זיי נעמען צו די פערד און אַלע בהמות. זייער דערשראָקן איז ער געווען, און האָט געוואָלט וואָס גיכער צוריקפאָרן. די מאַמעשי האָט אים באַצאָלט 100 זלאָטעס פאַרן קומען אַזאַ וייטן וועג מיט אַ בריוו, מיטגעגעבן אים אַ זעקעלע צוקער, זייף און וואַרעמע זאַכן פאַר דינהלען און פאַר דער גוטער יאַדוויגאַ. מיר האָבן זיך שטאַרק געפרייט וואָס

דינהלען איז וואַרעם און גוט אין דאָרף, כאָטש מיר האָבן אַזוי שטאַרק צו איר געבענקט! איך האָב פאַרשטאַנען פאַר־וואָס יאַדוויגאַ האָט דינהלען מער ליב געהאַט. ווי שיין איז זי געווען אין די קאָלירטע קליידעלעך מיט שלייפן! די האָר האָט איר שטענדיק יאַדוויגאַ ארומגעפלאָכטן מיט בענדער און געזאָגט, אַז זי איז אַ לעבעדיקע לאַלקע, וואָס גייט אַרום, רעדט, לאַכט און זינגט. פון דעם טאָג, וואָס זי איז אַוועקגעפאָרן, שטייט מיר דינהלע שטענדיק פאַר די אויגן. צו דעם ווינקל ווו דאָס בעטל איז געבליבן, האָב איך נישט געקאָנט צוגיין. און יאַדוויגאַ? וואָס מאַכט איצט יאַדוויגאַ? — האָב איך אַ סך מאָל געטראַכט, צי פאַר־קויפט זי אויך די שיינע זאַכן אויף עסן, אַזוי ווי די מאַ־מעשי? זי וועט קיינמאָל נישט האָבן קיין היים. יאדוויגא האָט ייִטענדיק געזאָגט, אז זי וויל נישט חתונה האָבן אזא אָרעמע, ווי זי איז. זי וועט דינען, אַרבעטן, אָנזאַמלען געלט און שפּעטער זיין „אַ מענטש אויפן אייגענעם ברויט”.



יעדן טאָג זענען געקומען טראַנספּאָרטן פון דער שטאָט. די דייטשן האָבן לויט אַ סדר אַרויסגעשיקט די יידן פון אַ סך גאַסן. אַלע האָבן אָנגעהויבן רעדן, אַז די שטאָט דאַרף ווערן ריין פון יידן, דאָס הייסט ביי זיי: „יידן־ריין”.

וואָס האָבן דען די יידן זיי געטאָן? פאַרוואָס מאַכן „זיי” וואָס אַמאָל אַנדערע צרות? שווער איז געווען צו זען די אַלע, וואָס זענען אין געטאָ געקומען! אין רייען זענען זיי געגאַנגען. די דייטשע זעלנער האָבן זיי געיאָגט. די יידישע פּאָליציי איז מיטגעגאַנגען היטן די אָרדענונג. יעדער האָט מיטגעבראַכט אַ פּעקעלע, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט שלעפּן. וואָס וועט זיין מיט זייערע דירות און אַלע זאַכן, וואָס זיי לאָזן איבער?

יעדעס מאָל, ווען עס איז געקומען אַ טראַנספּאָרט פון דער שטאָט, זענען אַלע אַרויס פאַר די טויערן, געוויינט. ווען עס זענען געקומען די געפרוירענע פרויען מיט קינ־

דער, אַלע באַשאָטן מיט שניי. וואָס וועט איצט זיין מיט די אַלע יידן? — האָב איך געטראַכט. זיי ליגן אין די שולן אויף דער ערד, אָדער זיצן אויף די בענק. די יידן קומען און קומען. ווו וועלן זיי אַלע וווינען? וואָס וועלן זיי עסן? איז דאָך גוט געשען, וואָס דער פעטער מאַקס האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף גיין אין געטאָ אַריין, איידער די דייטשן וועלן אַרויסטרייבן — האָב איך אַלע מאָל דערמאָנט. די שכנים האָבן געשאַפן אַ הויז־קאָמיטעט. יעדן טאָג האָבן זיי געברענגט פון דער „גמינע" אַ קעסל מיט הייסער זופּ און זעק מיט ברויט אויף אַ וועגעלע.

די מאַמעשי האָט אַריינגענומען אַן אַלטן קראַנקן ייד, געלייגט אים אין דעם ווינקל, ווו יאַדוויגאַ איז פריער גע־שלאָפן. ער האָט נישט גערעדט צו קיינעם. מיר האָבן נישט געוווּסט ווי ער הייסט, פון וואַנען ער איז געקומען. אפשר וועט דער זיידע מנשה זיך דערוויסן, ווער איז דער ייד — האָט געזאָגט די מומע צילאַ. מיר אַלע האָבן געזען, אַז דער קראַנקער ייד האָט פאַרלוירן דעם זכרון. ער איז געלעגן אויף די טרעפּ פונעם איינגאַנג פון הויז און גע־שלאָפן, איידער די מאַמעשי האָט אים אַריינגעפירט צו אונדז.



עס זענען צו אונדז אַריינגעקומען די מענטשן פון הויז־קאָמיטעט מיט אַ פרוי. מיטן לעצטן טראַנספּאָרט איז זי פון דער שטאָט געקומען. אין דער לויפעניש און יאָגע־ניש האָט זי פאַרלוירן איר פאָטער. זי האָט אים אַרומגע־זוכט אין אַלע זאַמל־פּונקטן און נישט געקאָנט געפינען. די שכנים האָבן איר דערציילט, אַז שוין עטלעכע טעג ליגט ביי אונדז אַן אַלטער ייד, וואָס קיינער קען אים נישט. די פרוי איז מיט געוויין צוגעלאָפן צו דעם קראַנקן, געקושט אים. ער האָט זי אָבער נישט דערקענט. זי איז צוגעפאַלן צו דער מאַמעשי, אַרומגענומען און געקושט, געדאַנקט,

גענומען איר פּאַטער צו זיך, אין דער שול, ווו זי געפינט זיך און ווו זי וואַרט אויף אַ דירה.

די מאַמעשי האָט געזאָגט, אַז דער אַלטער ייד איז נעבעך אַראָפּ פון זינען.



די לאַנגע ווינטער־חדשים וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

די מאַמעשי האָט אויספאַרקויפט די בעסערע זאַכן, כדי צו קויפן קאַרטאָפל און אייל. פאַרוואָס האָבן מיר אַזוי פיל גוטע זאַכן איבערגעלאָזט אין דער היים? — האָט זי אַ סך מאָל געזאָגט צו דער מומע צילא. דאָס געלט איז שנעל אויסגעגאַנגען און די מאַמעשי האָט נישט געקאָנט געפינען קיין אַרבעט. די אַלע וואָס האָבן געהאַט אַ פאַך, האָבן געקאָנט געפינען עפּעס אַן אַרבעט. די מאַמעשי האָט אָבער קיינמאָל נישט געאַרבעט ביי פרעמדע. אין דער היים איז דאָך אַלץ געווען! ווען איך האָב דערמאָנט אונדזער וווינונג אין דער שטאָט און אַלע שיינע זאַכן, וואָס מיר האָבן געהאַט, האָב איך שוין אַליין נישט געקאָנט גלויבן, אַז איך בין אַמאָל געשלאָפן איינער אַליין אין אַ צימער. שטענדיק געהאַט אַלץ ריין און גרייט. ווי שיין זענען די יום־טובים געווען אין דער היים! אין גיכן האָט דאָס אַלץ אויסגעזען ווי אַ חלום.

פאַמעלעך איז דער שניי צעגאַנגען. די קאַלוזשעס פון די גאַסן אָפּגעשווומען. פאַרמיטאָג איז לייכטער געוואָרן. די קעלט איז אָפּגעטראָטן. פון די פענצטער איז אַראָפּגע־רונען דאָס אייז. די קינדער אַראָפּ אויפן הויף. נאָר אריהלע איז בלאַס און קליין געבליבן. איך און די מאַמעשי האָבן אים אָפּגעגעבן יעדע גוטע זאַך פון די „ראַציעס". אויך די מומע צילאַ האָט יעדעס מאָל פון דער גאַס אַ גוטע זאַך מיטגעבראַכט. מיט יעדן טאָג איז ער געוואָרן שוואַכער.

חדשים האָבן מיר פון יאַדוויגאַן קיין בריוו נישט באַ־קומען. ווער קאָן דאָס וויסן, וואָס הערט זיך אין דאָרף —

האָט יעדער פון אונדז אַריינגעטראַכט. אפשר איז דאָרט אַזאַ הונגער ווי אין געטאָ? ווי שטאַרק האָט זיך מיר געוואָלט ווידער זען דינהלען! די מאַמעשי האָט איר בילדל אַוועק־געשטעלט אויפן טישל, אָבער דאָס בילדל איז דאָך שוין פון לאַנג! און ווי זעט זי איצטער אויס?! האָב איך גע־טראַכט אין זיך. און וואָס מאַכט יאַדוויגאַ? זי איז דאָך שוין אַן אַלטע, וואָס וועט זיין מיט דינהלען, ווען זי וועט אַמאָל קראַנק ווערן? אַ סך מענטשן האָבן דערציילט וועגן זייע־רע משפחות, וואָס זענען אין וואַרשע, אין אַנדערע שטעט און קיין בריוו קומען נישט פון קיינעם אין פאַרמאַכטן גע־טאָ. אפילו אין שטאָט קאָן מען נישט צוגיין אַמאָל ווידער זען די גאַסן, די דירה. פאַרוואָס זענען מיר פון אַלע אָפּ־געטיילט געוואָרן? פאַרטריבן?

דער זיידע מנשה האָט אָבער געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרצן, וואָס די דייטשן האָבן פאַר־מאַכט דעם געטאָ, צו וואָס דאַרפן יידן גיין אין דער שטאָט, אַז מען טאָר זיך נישט ווייזן אויף דער גאַס? צו וואָס דאַרפן מיר גיין אין אונדזערע דירות, אַז דאָרט ווינען פרעמדע מענטשן? יידן האָבן שוין ערגערע צייטן מיטגעמאַכט — האָט ער אַלעמאָל געזאָגט, ווען די שכנים האָבן גערעדט, אַז זיי קאָנען שוין מער נישט אויסהאַלטן די צרות. צו יעדער רגע קאָן געשען אַזאַ נס, אַז די דייטשן זאָלן אַנט־לויפן — האָט ער אַלעמען געטרייסט. מען דאַרף זיך נאָר שטאַרק האַלטן.

אין אונדזער הויז האָבן אַלע דערציילט, אַז די דייטשן פאַרשפּילן אויף די פראָנטן און די מלחמה וועט זיך גאָר גיך ענדיקן.



אין די ווינטער־נעכט האָב איך אַ סך געלייענט. איך האָב מיך פרי געלייגט אין בעט און געלייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט. ווען איך האָב אויסגעלייענט דאָס בוך קוואָ וואַדיס, האָב איך אַ סך געטראַכט וועגן דעם שלעכטס פון

נעראָן. פאַרוואָס האָט ער די מענטשן געפּייניקט, אזוי פיל צרות אָפּגעטאָן ? פאַרוואָס מאַכט איין מענטש דעם צווייטן שלעכטס ? היינט איז אַן אַנדערער, אַן ערגערער הערשער ; אַ גרעסער אומגליק האָט ער פאַר מענטשן געבראַכט ! — האָב איך געטראַכט. אַ סך אַנדערע ביכער האָב איך גע־לייענט. לייענענדיק די ביכער פון זשול ווערן, האָב איך פון אַלץ און אַלעמען פאַרגעסן. שווער איז מיר דאַן געווען צו גלויבן, אַז ערגעץ זענען פאַראַן בערג און ימען, גרויסע שטעט ! עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט איז אַ געטאָ. אויך די מאַמעשי האָט געלייענט ביכער אין די פאַרנאַכטן. און אויך די מומע צילא. אין אַלע שטובן זענען געווען ביכער, וואָס יעדער האָט מיט זיך מיטגע־בראַכט. אַלע האָבן זיך געטוישט מיט די ביכער. לייענענ־דיק האָט יעדער פאַרגעסן פון הונגער און פון קעלט. דער זיידע מנשה האָט גאַנצע טעג געלערנט. גענומען עטלעכע בחורים און פאַרהערט זיי יעדן פאַרנאַכט. אויך ער האָט ביי די ספרים פאַרגעסן פון אַלעמען. אין אונדזער הויז האָט געוווינט אַ שוחט. ער איז געקומען פון אַ קליין שטעטל מיט אַ פרוי און אַ סך קינדער. זיי זענען געווען זייער אָרעם. געאַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוון און בעקערייען. געווען טרע־גער און געשלעפּט שווערע זעק און קאַסטנס. יעדן פרײ־מאָרגן, ווען אַלע זענען נאָך געשלאָפן, האָבן מיר געהערט ווי זיי זאָגן תהילים. אויך ביינאַכט האָבן מיר געהערט, אַז זיי דאַווענען. דער שוחט האָט נישט געדאַוונט, נאָר טרויע־ריק געזונגען, ווי ער וואָלט געוויינט.



לאַנג איז ביי מיר נישט געווען מילעך. איך האָב אָנגעטאָן עטלעכע וואַרעמע סוועטערס און בין אַרויס פון שטוב. איך האָב זייער געוואָלט וויסן, וואָס ער מאַכט. איך בין געגאַנגען איבער די קאַלוזשעס וואַסער, וואָס זענען געשווומען איבער די גאַסן. אומעטום איז געווען שמוציק. קיינער האָט נישט געריי̈ניקט. נישט די הייזער און נישט

די וועגן. אַלע זענען הונגעריק און קראַנק. ווער זאָל היטן עס זאָל זיין ריין? — האָב איך געטראַכט. איצט זאָגן די דייטשן, אַז אַלע יידן זענען שמוציק! זיי האָבן דאָך אונדז פון די ריינע דירות אין געטאָ אַרויסגעטריבן, און מילעקס פאָטער איז דאָך דער ערשטער געלאָפן אין געטאָ! אַ סך מאָל האָט די מאַמעשי געזאָגט, אַז זי האָט מורא צי האָט חלילה ביי זיי נישט פּאַסירט עפּעס, וואָס מילעק ווייזט זיך נישט אַזוי לאַנג.

ווי נאָר איך האָב אויפגעמאַכט די טיר, האָב איך דער־זען, אַז דאָס בעט פון זיין מוטער איז פאַרדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַ גרויס אומגליק איז ביי זיי געשען.

— וואָס שטייסטו ביי דער טיר, חיימל? — האָט זיין פאָטער שטיל געזאָגט צו מיר. — קום אַהער, זעץ זיך. מילעק איז צו מיר צוגעגאַנגען, נאָר גאָרנישט געזאָגט, איך האָב נישט געוווסט, וואָס צו פרעגן, וואָס דערציילן. זיין פאָטער האָט אָפּגעקאָכט אַ טעפּל קאַווע. יעדן אָנגעגאָסן אַ טאַס. שפּעטער זיך אויסגעפרעגט וואָס מאַכט די מאַ־מעשי און אריהלע.

איך האָב זיך דערוווסט, אַז מילעק לערנט נישט מער, ווייל זיין לערער האָט באַקומען אַ פּאָסטן אין אַ מאַגאַזין און קומט שפּעט פון דער אַרבעט. זיינע ביכלעך ליגן אין אַ ווינקל. מילעק האָט מיר דערציילט, אַז ער גייט נישט מער אין דער אָרגאַניזאַציע. ער איז מער נישט געווען ענלעך צו דעם לאכעדיקן מילעק פון אמאָל. איך האָב גע־זען, אַז ער רעדט צו מיר עפּעס אַנדערש, און טראַכט וועגן אַנדערע זאַכן, וואָס ער דערציילט נישט.

מאָרגן וועל איך ווידער קומען, האָב איך געזאָגט ביים אַוועקגיין. כאָטש איך האָב געוווסט, אַז ער לייענט נישט, האָב איך אים אַוועקגעטראָגן מיינע ביכער, וואָס איך האָב אויסגעלייענט און די, וואָס כ׳האָב געבאָרגט ביי די יינגלעך פון אונדזער הויף.



עס איז ביי אונדז געווען אַ שיינער און גרויסער סדר. די גאַנצע צייט, וואָס מיר זענען אין געטאָ, האָט די מאַמעשי קיינמאָל קיין יום־טוב נישט געגרייט, נאָר יעדן שבת אַ ווייס טישטעך געלייגט. דאָס איז אָבער קיין שבת נישט געווען. די מאַמעשי מיט דער מומע צילאַ האָבן אויפגע־רוימט די שטוב. אויפן טיש אויסגעסדרט טעלער מיט טע־לערלעך, מצות און ווײַן, וואָס זיי האָבן אַליין געמאַכט מיט סאַכאַרין, עסיק־וואַסער און צוקער. דער ווײַן איז זייער גוט געווען. געמאַכט מרור מיט חרוסת. דער זיידע מנשה איז געזעסן אין ווייסן קיטל אויבן־אָן. נעבן אים די באָבע דבורהלע אין איר שיינעם סאַמעטענעם קלייד און מיט דער גרויסער גאָלדענער קייט, וואָס זי פלעגט אָנטאָן נאָר אין אַ יום־טוב.

אויך מילעק איז געקומען מיט זיין פאָטער. זיי האָבן זיך דערפרייט, ווען די מאַמעשי האָט זיי איינגעלאַדן צו אונדזער סדר. פלייש און מצות האָבן זיי מיטגעבראַכט. זיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז עס איז נישט ווי אַמאָל, היינט טאָר קיינער נישט צונעמען קיין ביסן פון אַ צווייטן. פאַר אריהלען האָט ער אַ שיינע מתנה געבראַכט: אַ וואַרעם פעלצל. אַ סך יידן זענען פון די קליינע שטעטלעך געקומען און זיי האָבן פאַרקויפט זייערע זאַכן אויף עסן.

איך געדענק, אַז דער זיידע מנשה האָט יעדעס יאָר ביי אונדז אָפּגעריכט דעם סדר, אָבער קיינמאָל האָט ער נישט אַזוי שיין ווי דאָס יאָר, געלייענט די הגדה.

ער האָט געזאָגט, אַז אין אַ יום־טוב איז אַ מצווה צו זיין פריילעך. אַ מענטש דאַרף נישט צולאָזן צו זיך עצבות. איך האָב אָבער געזען, אַז ער איז יאָ טרויעריק געווען, וואָס דער טאַטעשי איז נישט מיט אונדז צוזאַמען ביים טיש. און זיין פּנים איז געווען בלייכער, ווי אַלעמאָל. מן הסתם טרוי־ערט ער וואָס אַלע יידן זענען אין פּחד פאַרן צורר ישראל, אין הונגער און אין ענגשאַפט.

איך און מילעק האָבן געפרעגט די קושיות. דער זיידע־שי האָט געלייענט די הגדה אַ סך לענגער ווי יעדעס מאָל.

מיט זיין קלוגשאַפט האָט ער דערציילט דערנאָך אַלץ, וואָס יידן האָבן מיטגעמאַכט אין די פאַרגאַנגענע צייטן. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז נישט נאָר ביי פרעהן זענען מיר געווען קנעכט. ווי לאַנג משיח וועט נישט קומען, וועלן מיר זיין קנעכט. מיט אַ סך אמונה האָט דער זיידע מנשה אַרויסגע־לייענט די ווערטער: — בכל דור ודור עומדים עלינו לכלו־תנו והקדוש ברוך הוא מצילינו.

זייער לאַנג האָט געדויערט דער סדר. אריהלע איז איינ־געשלאָפן ביים טיש. דער זיידעשי איז נישט מיד געוואָרן פון אויסדערציילן יציאת מצרים און אלע נסים, וואָס זענען אַמאָל געשען. די גאַנצע צייט האָב איך אָבער נאָר גע־טראַכט פון דינהלען, וואָס איז אין אַ ווייטן דאָרף און ווייסט אפשר נישט, אַז אין דער היים איז אַ סדר.

יאדוויגא טוט אַלץ פאַר איר, אָבער זי קאָן דאָך איר נישט געבן אַזאַ שיינעם יום־טוב! און דער טאַטעשי איז אזוי ווייט, אַז אַפילו אַ בריוו קאָן פון אים נישט קומען. אין אונדזער הויז איז דער סטרוזש געוואָרן בעל־הבית און שלאָפט אין אונדזערע בעטן. פאַרוואָס האָבן מיר געמוזט אַוועק פון אונדזער הויז און קומען אין אַ פרעמדער, ענגער דירה?

וועגן די אַלע זאַכן האָב איך געטראַכט און ווען דער זיידעשי האָט אָנגעהויבן מיט אַ שטאַרקער שטים צו לייע־נען: „בשנה הבאה בירושלים" — האָט פלוצים זיין קול אָנגעהויבן ציטערן. איבערן פּנים זענען גערונען טרערן אין דער לאַנגער, ווייסער באָרד אַריין.

דערנאָך האָבן מיר געגעסן קניידלעך, געמאַכטע פון קאַשע, און אַלע פסחדיקע מאכלים. אַפילו די פיש, וואָס די מאַמעשי האָט געמאַכט פון גרויפּן, האָבן געהאַט דעם זעלבן טעם. עס איז געווען אַן אמתע סעודה.

פון אלע שטובן האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון חד־גדיא. פון דער צייט, וואָס מילעקס מאַמעשי איז געשטאָרבן, האָב איך אים דאָס ערשטע מאָל געזען פריילעך זינגען. ער האָט געזונגען די לידער, וואָס ער האָט געלערנט אין דער

אָרגאַניזאַציע. ווען ער האָט הויך אויפן קול געזונגען „עם ישראל חי, חי, חי!״ — האָבן מיר ערשט געזען, וואָס פּראָ שיינע שטים ער האָט. מילעק מיט זיין פאָטער זענען נישט אַוועק שלאָפן אין זייער דירה. עס איז געווען שפּעט ביי־ נאַכט, און דער „פּאָסטן״ שטייט מיט אַ ביקס ביי די דראָטן פון טויער. אין די הייף האָט מען אויסגעקלאַפּט אַ דורכגאַנג אין צווייטן הויז. דורך אַ לאָך אין מויער קאָן מען אַריבער־ גיין אויף אַ צווייטן הויף און מען דאַרף שוין גאָרנישט גיין איבער די גאַסן. מילעק מיט זיין פאָטער זענען געשלאָפן ביים זיידעשי.



דער געטאָ איז פאַרמאַכט געוואָרן.

אויף די גאַסן זענען אויפגעקלעפּט געוואָרן פּלאַקאַטן, אַז מען טאָר נישט אַרויס פון יידן־קוואַרטאַל. יעדער וואָס וועט אַרומגיין אויף די גאַסן אויסער דעם געטאָ, וועט באַ־ שטראָפט ווערן מיט טויט.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט יעדער געזאָגט, אַז אַלץ וועט זיך גיך פאַרענדיקן. עס איז שוין אַדורך אַ האַלב יאָר, איצט זאָגן אַלע, אַז דער דייטש ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. זיי האָבן נישט קיין מורא פאַר קיינעם צו פאַרמאַכן אונדז אין אַ תפיסה. אַ געטאָ מיט דראָטן, מיט בריקן און נישט האָבן קיין אַרבעט, קיין געלט אויף צו לעבן. וואָס וועט איצט זיין מיט אריהלען? אויף אים איז דאָס גרעסטע רחמנות, האָב איך געטראַכט. ער האָט נישט מער קיין כוח אַרומצוגיין. גאַנצע טעג ליגט ער אין בעט. און דווקא איז שיין געוואָרן. דער שניי איז אָפּגעשוווּמען. אַלע פון אונדזער הויף האָבן אויפגעמאַכט די פענצטער, עס זאָל אריין אַביסל לופט. די נאַסע ווענט זאָלן זיך אַביסל אויס־ טריקענען. אָבער קיינער האָט זיך נישט געפרייט, וואָס עס איז פּלוצים אין מיטן ווינטער וואַרעם געוואָרן. אַלע מענטשן זענען געווען פול מיט פחד, וואָס דער געטאָ איז געוואָרן פאַרמאַכט. אַלע האָבן גערעדט, אַז דאָס איז פאַר אונדז

זייער, זייער שלעכט. נאָר דער זיידעשי האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך איבער דעם נישט זאָרגן. ווייל — צו וואָס דאַרפן יידן גיין אין דער שטאָט, אַז מען כאַפּט יעדן, וואָס ווייזט זיך אויף דער גאַס, און אין אונדזערע דירות ווינען פרעמדע מענטשן. ער האָט אַלעמאָל געזאָגט, אַז יידן האָבן שוין ערגערע זאַכן איבערגעלעבט. און עס קאָן געשען אַזאַ נס, די דייטשן זאָלן אויף די פראָנטן פאַרשפּילן און ביי־נאַכט אַנטלויפן פון אונדז. ער האָט יעדן טאָג, ווי נאָר ער איז אויפגעשטאַנען, קודם אַרויסגעקוקט פון פענצטער צו זען, צי דער דייטשער „פּאָסטן" שטייט נאָך ביים טויער פון געטאָ. גאַנצע טעג איז דער זיידעשי געזעסן ביי גרויסע ספרים מיט אַ סך יידן און הויך אויפן קול גערעדט צו אַלע: די ישועה איז זייער נאָענט, מען מוז זיך נאָר שטאַרק האַלטן אין גלויבן.



היינט איז צו אונדז געקומען מילעק און געבראַכט אַ האַלב ברויט און אַ פּעקעלע פּוטער. דאָס איז געווען אַ מתנה פאַר אריהלען. זיין פאָטער האָט אים געשיקט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַ חבר, וואָס פאַרקויפט סאַכאַרין אין די גאַסן. זיי ביידע האָבן זיך אָנגעטאָן קליידלעך און בע־רעטן אויפן קאָפּ און אַרויסגעגנבעט זיך דורך די דראָטן. געקויפט אין אַ געשעפט פּוטער און וווּרשט. זיי האָבן גע־פונען אַזאַ אָרט אויף אַ זייטיקער גאַס, וווּ מען קאָן אַריבער־קריכן און קיינער זעט נישט. איך האָב נישט געקאָנט גלויבן אין אַזאַ זאַך. די דייטשן שיסן צו יעדן, וואָס וויל אַרויס פון דער געטאָ־צוים! מילעק האָט דערציילט, אַז אַלץ איז דאָ אין די געשעפטן. מאָרגן וויל ער ווידער אַרויסגיין אין דער שטאָט. זיין פאָטער האָט אים אָבער אָנגעזאָגט, ער זאָל דאָס מער נישט טאָן. די פּוטער האָט ער נישט געוואָלט אָנרירן. געשיקט זי פאַר אריהלען. איך האָב קיינעם וועגן דעם נישט דערציילט. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ סוד. אפשר וואָלט די מאמעשי אויך די פּוטער נישט געוואָלט צונעמען,

ווען זי ווייסט, וואָס עס האָט געטאָן מילעק, וואָס וואָלט געווען, ווען דער „פּאָסטן" וואָלט אים חלילה געשאָסן?

מיטאמאָל האָבן אַלע אין געטאָ אָנגעהויבן דערציילן, אַז עס וועלן אויפגעמאַכט ווערן רעסאָרטן, און אַפילו קינ־דער וועלן אויך באַקומען אַרבעט. יעדער וועט ביי זיין אַר־בעט באַקומען אַ קאַרטע אויף לעבנס־מיטל. קיינעם וועט גאָרנישט פעלן. אפשר איז גערעכט דער זיידעשי, ווען ער זאָגט, אַז אַלע יידן וועלן עס איבערקומען — האָב איך גע־טראַכט. איך האָב אָבער געוואָלט צוריק אַהיים. אין אונד־זער הויז. יעדע נאַכט, ווען איך האָב מיך געלייגט אין בעט, האָט זיך מיר דערמאָנט דער טאַטעשי און דינהלע. ווידער האָב איך געזען ווי יאַדוויגאַ גייט אַרום איבער די שטובן, שפּילט זיך מיט אונדז. ווידער האָב איך געזען די מומעס מיט די פעטערס, ווי זיי זיצן אַרום טיש, ווי איין גרויסע משפחה. איצט איז קיינער פון זיי נישטאָ. קיינער ווייסט אפילו נישט וווּ זיי זענען אָנגעקומען, אין דער נאַכט, ווען אַלע זענען פון געטאָ אַנטלאָפן. שעהן לאַנג בין איך געלעגן, דערמאָנט אַלץ און נישט געקענט איינשלאָפן.



מילעק איז אוועק אין יתומים־הויז. וואָס זאָל איך טאָן? — האָט זיך זיין פאָטער פאַרענטפערט פאַר דער מאַמעשי, ווי ער וואָלט זיך געפילט שולדיק. — אין דער פרי גיי איך אַוועק צו דער אַרבעט, און ער בלייבט מיר אַליין אין אַ פוסטער שטוב. ווער זאָל אים אָפּהיטן. געבן עסן? ער האָט געזיפצט, שטיל גערעדט ווי נישט געקענט אויפהויבן דאָס קול. איך האָב געזען, אַז אים איז איצט זייער שלעכט צו זיין אליין. ער וויל אָבער מילעק זאָל לערנען. אין יתומים הויז — האָט ער געזאָגט, זענען דאָ לערער און דערציער, יעדער פון זיי איז, ווי אַ טאַטע צו זיין קינד. איך האָב די רייד געהערט און געטראַכט, אַז מילעק איז זייער אומגליק־לעך, וואָס אפילו אין געטאָ האָט ער שוין נישט קיין היים, שלאָפט מיט פרעמדע קינדער. וואַרט אַ גאַנצע וואָך, דער

פאָטער זאָל צו אים קומען שבת. איך האָב געוואָלט באַלד צוגיין צו אים. די מאַמעשי האָט אָבער געזאָגט, אַז עס איז בעסער איך זאָל אויסוואַרטן און מיטגיין מיט זיין פאָטער.

די מאַמעשי האָט באַקומען אַן אַרבעט אין שניידער־שאָפּ. איך האָב געגעבן צו עסן אַריהלען. אַראָפּגעפירט אים אויפן הויף, אויף דער לופט. ער איז זייער בלייך געוואָרן, אָן כוחות. באַלד האָט ער געוואָלט צוריק, אַ היים. איך האָב אים ווי אַ באַלעמל געטראָגן איבער די טרעפּ. גאָרנישט וועגט ער, גאָרנישט! — האָב איך געטראַכט יעדעס מאָל, ווען איך האָב אים גענומען אויף די הענט.

★

די מומע צילאַ האָט פאַר דער מאַמעשי געפונען די אַרבעט. אין דער היים איז אַ סך לייכטער געוואָרן. די מאַ־מעשי האָט באַקומען יעדן טאָג אַ פּאָרציע ברויט און אַ זופּ. די זופּ האָט זי געבראַכט פאַר אַריהלען. אויך מאַנכעס מאָל אַ טאַלאָן אויף פּראָדוקטן. אַביסל האָניק, מאַרמעלאַד, אַ שטיקל ווורשט. די מאַמעשי האָט פון די אַלע גוטע זאַכן גאָרנישט געגעסן. אוי, ווי אָפּגעדאַרט איז געוואָרן די מאַ־מעשי! דער וועג צו דער אַרבעט איז אַ ווייטער. אַזוי ווי די מאַמעשי קומט אַהיים מוז זי וואַשן אַ וועש. דאָס ערגסטע איז דאָס, וואָס די באָבע דבורהלע איז קראַנק געוואָרן. און די מאַמעשי איז יעדן טאָג נאָך געגאַנגען צו איר אָפּקאָכן אַ זופּ. יאַדוויגאַ וואָלט נישט געגלויבט, אַז די מאַמעשי קאָן אַזוי שווער אַרבעטן. זי, יאַדוויגאַ, האָט דאָך קיינמאָל ביי־נאַכט נישט געאַרבעט. אַ סך מענטשן אין געטאָ האָבן אָנגע־הויבן צו רעדן, אַז די מענער האָבן נישט באַדאַרפן אנט־לויפן, ווייל די פרויען קאָנען דאָס אַלץ נישט אויסהאַלטן. איצט ווייסט קיינער נישט, וואָס מען דאַרף טאָן — האָט יעדער געזאָגט. ווער קאָן דען זיין אַ קלוגער אין אַזאַ צייט?

★

מיט יעדן חודש, וואָס איז אַדורך האָב איך באַדויערט

מערער, וואָס איך לערן נישט. אַלץ, וואָס מיר האָבן גע־לערנט אַמאָל, האָב איך פאַרגעסן. איך האָב מיר געבאָרגט אַ ביכל פון געשיכטע און איבערגעשריבן אַ זייטל יעדן טאָג. אַמאָל אַ ליד, אַמאָל אַ דערציילונג. אַ סך ייִנגלעך שרייבן איבער פון די ביכלעך, כדי נישט פאַרגעסן די אותיות. די מאַמעשי האָט מיר געזאָגט, אַז נאָך יעדער מלחמה זענען דאָ מענטשן, וואָס קענען נישט שרייבן, נישט רעכענען, ווייל דערוואַקסענע האָבן נישט קיין צייט צו לערנען. די ייִנגלעך פון אונדזער הויף טוישן זיך מיט די ביכלעך, אַ סך לערנט אין שולן, כאָטש די לערער זענען אַנטלאָפן קיין וואַרשע און אנדערע שטעט. זיי לערנען יידיש און העברעאיש, וואָס זיי האָבן אין דער שטאָט נישט געלערנט. פריער האָב איך קיי־נעם פון אונדזער הויף נישט געקענט. איצט זענען געקומען אַ סך משפחות מיט קינדער פון פאַרשידענע שטעטלעך. יעדער דערציילט פון זיין היים. זיי זאָגן, אז ביי זיי אין שטעטל, איז פיל ערגער געווען. אין די רייען פון ברויט, קאַרטאָפל און פלייש ביי אונדז, איז כאָטש א סדר און יעדער באקומט זיין שטיקעלע ברויט, און ביי זיי איז געווען אַ גרויסער הונגער.

פריער האָבן מיר דאָס פלייש נישט געוואָלט עסן. ווייל דאָס איז געווען פערדס־פלייש. דער זיידעשי האָט אָבער גע־זאָגט, אַז צו ראַטעווען דאָס לעבן איז אַ מצווה. די דייטשן ווילן דאָך אומברענגען אַלע יידן! דאַרפן אַלע אַ מלחמה פירן מיטן שונא און בלייבן לעבן.

מיטאמאָל האָבן אַלע אין געטאָ גענומען רעדן, אַז דאָס בעסטע פלייש איז פערדס־פלייש. אַ פערד איז אַ סך ריינער פון אַנדערע בהמות. ווער קיינמאָל נישט טרינקען פון אַ שמוציקער כלי. הלוואי קריגן מיר יעדן טאָג אַזאַ צו־טיילונג! — האָב איך געבעטן. אריהלע האָט זייער ליב דאָס פלייש, אפשר וועט ער שטאַרקער ווערן! גאַנצע טעג איז ער געלעגן אין בעט. געשלאָפן שעהנלאנג. איך האָב אַ סך מאָל געהערט רעדן, אַז די קינדער וועלן אַזאַ לעבן נישט אויסהאַלטן. ווייל אָן מילך און אָן פּוטער קאָנען קינדער

נישט וואַקסן. איך האָב דאָך געזען, אַז אריהלע ווערט וואָס אַמאָל קלענער.



די באָבע דבורהלע איז פּלוצים געוואָרן שוואַך. אויפ־געהערט ארומצוגיין איבער דער שטוב, צוזאמענלייגן די זאַכן, קאָכן, איינקויפן. עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל איר צוהעלפן. איך האָב געבראַכט ברויט און גרינס פון די קאָאָפּעראַטיוון. דאָס איז זייער שווער געווען, ווייל דער זיי־דעשי האָט אַן אַנדער קאָאָפּעראַטיוו געהאַט. איך האָב גע־מוזט פאַרשליסן אריהלען און אַוועקגיין אין די רייען. די שכנים האָבן מיר דערציילט, אַז אריהלע וויינט אַלעמאָל, ווען ער וועקט זיך אויף און רופט די מאַמעשי. ער וויל נישט זיין אליין אין דער שטוב. אין דער ריי פאר דעם קאָאָפּעראַ־טיוו איז אַלעמאָל געווען אַ גרויסע אומאָרדענונג. קיינער האָט נישט געהאַט קיין כוח שטעהן שטיין און וואַרטן, האָט יעדער זיך געשטופּט פאָראויס, געקריגט און אפילו גע־שלאָגן. ווי אזוי האָט דער זיידעשי געקענט גיין אין דער ריי? אויך ער איז זייער שוואַך געוואָרן. יעדעס מאָל, ווען איך האָב אים אַהיימגעטראָגן די ראַציע, האָב איך געזען ווי ער רוימט די שטוב, קאָכט פאַר דער באָבעשי א ברויט־זופּ, אָדער אַ קאַווע. איך האָב געקריגן רחמנות אויפן זיידע־שי, וואָס מוז זיך מוטשען ביי דער קיך. עס איז נישט געווען קיין האָלץ. דער אויוון איז געווען אַן אַלטער, צעבראָכענער. דער זיידעשי האָט צעקלאַפּט די בענקלעך און מיט קליינע שפּענדלעך געהייצט, געבלאָזן אין אויוון, דאָס פייער זאָל זיך צעברענען. דאָס שטיבל איז געווען פול מיט רויך און דער זיידעשי האָט געהוסט און געשטיקט זיך. פאַרוואָס קומט דעם זיידעשי אַזויפיל צרות? — האָב איך אַ סך מאָל געטראַכט. ער איז דאָך שטענדיק געווען א פרומער ייד! געדאַוונט ביי טאָג און ביי נאַכט. אויך אין געטאָ געלערנט מיט די יינגלעך פון הויף תורה. די אַלטע מענטשן איז גע־ווען ערגער פון אלע. זיי האָבן נישט געקענט שווער אַר־

בעטן, הונגערן און אין דער היים אַלץ טאָן אַליין, וואַשן וועש און קאָכן. איך האָב אַ סך מאָל געזען ווי ער וואַשט. פּאַמעלעך האָט ער געריבן יעדעס שטיקל. דאָס וואַסער איז געווען קאַלט. פּאַר גנבהנען אַ ברעטל האָבן די דייטשן אָן רחמנות באַשטראָפט. מאנכעס מאָל איז געווען אַ צוטיילונג פון קוילן. קיינער האָט אָבער נישט געהאט קיין כוח אַ האַלבן טאָג שטיין אין דער ריי אויפן קוילן־פּלאַץ און דער־נאָך אַהיימשלעפּן אַ שווערן זאַק. אפילו אָפּוואַשן זיך האָט קיינער נישט געקענט מיט וואַרעם וואַסער. עטלעכע פון אונדזערע שכנים האָבן זיך געוואַשן אויף דעם הויף, ביי דער פּלומפּ. די באָבעשי איז אָבער זומער געלעגן אין בעט איינגעהילט אין אַ טוך. איר איז שטענדיק געווען קאַלט. אוי, וואָס איז געוואָרן פון דער באָבעשי אין געטאָ!



די באָבע דבורהלע איז אַוועקגעפירט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. וואָס זאָל זי נעבעך טאָן אין דער היים, אין בעט, ווען עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זי אָפּהיטן? מיט עטלעכע טעג צוריק, ווען איך בין געקומען מיט אַ זעקעלע קאַרטאָפל, האָב איך געזען, ווי דער זיידעשי זיצטביים בעט מיט אַ שיסל וואַסער און וואַשט מיט אַ טיכעלע דאָס פּנים פון דער באָבעשי. זי האָט מער נישט געקאָנט אַליין זיך וואַשן. אין אַן עמער וואַסער זענען געלעגן אירע זאַכן. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז דער זיידעשי וואַשט זיי, ווען קיינער זעט נישט. איצט דאַוונט ער נאָר, ווען די באָבעשי שלאָפט. עסן — עסט ער זייער ווייניק. אויך ער איז זייער שוואַך געוואָרן. אַלץ האָט ער אוועקגעגעבן פאַר דער באָבעשי. די מאַמעשי איז אַרומגעגאַנגען צו פאַרשידענע מענטשן, געבעטן, זיי זאָלן העלפן די באָבעשי איינאָרדענען אין אַ שפּיטאָל. זי האָט געזאָגט צום זיידעשי, אַז אין אַ שפּיטאָל קומט יעדן טאָג אַ דאָקטאָר. עסן איז צו דער צייט. אויך זויבערע וועש באַקומען אַלע קראַנקע. אַפילו איין מאָל אין דער וואָך איז גוט אָנטאָן אַ ריינע זאַך. פון דער צייט, וואָס די באָבעשי

איז קראַנק געוואָרן, האָט ער מער מיט מיר נישט געלערנט. ער האָט נישט געהאַט מער קיין כוחות. אויך די אַלע בחו־רים, וואָס האָבן ביים זיידעשי געלערנט תורה, קומען נישט מער. דער זיידעשי איז געזעסן אין טלית ביי די גרויסע ספרים, ווען די באָבעשי איז געשלאָפן. מיט אַ וויינענדיקן ניגון שטיל תפילות געזאָגט.



איך בין געווען ביי מילעקן אין יתומים־הויז. מיט זיין פאָטער בין איך דאָרט צוגעגאַנגען. דאָס ערשטע מאָל בין איך אַזוי ווייט אַוועקגעגאַנגען פון דער היים. אויפן וועג אין יתומים־הויז האָב איך געזען לאַנגע, שמוציקע גאַסן. אומעטום זענען אַרומגעגאַנגען שמוציקע, אָפּגעריסע־נע, אָפּגעדאַרטע מענטשן. אויף דער לימאַנאָווסקיעגאָ גאַס, וווּ מיר האָבן געוווינט, זענען געווען געמויערטע הייזער. וואָס ווייטער מיר זענען אַוועק פון געטאָ, האָבן מיר געזען אַלטע, הילצערנע הייזלעך מיט אויסגעהאַקטע שויבן. פענצ־טער־לעכער פאַרשטופּטע מיט טיכער און שמאַטעס. אַלץ האָט אויסגעזען אָרעם און שמוציק. פון וואַנען זענען די אַלע מענטשן געקומען אין געטאָ? פון דער שטאָט צי פון קליינע שטעטלעך? — האָב איך געוואָלט פרעגן ביים פאָטער פון מילעקן. ער איז די גאַנצע צייט געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ. קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. כאָטש ער האָט געהאַט אַ גוטן פּאָסטן, איז ער שטענדיק געווען זייער טרויעריק. פאַר מילעקן האָט ער געטראָגן אַ פּעקעלע מיט עסנוואַרג: אַ שאַכטעלע מיט צוקער, אַביסל מאַרמעלאַד און האָניק, וואָס ער האָט זיך אָנגעזאַמלט.

אין יתומים־הויז זענען געווען נאָר עלטערע קינדער פון אים. עס איז דאָרט ריין. זיי לערנען ווי אַלעמאָל און אַפילו גימנאַסטיק מאַכן זיי, לערנען זיך אויך זינגען! די לערער פאַרנעמען זיך מיט זיי און היטן אָפּ.

מילעק האָט זיך מיט זיין פאָטער זייער דערפרייט. איך האָב געזען, ווי זיינע אויגן זענען נאַס געוואָרן. איך האָב

גלייך געזען, אַז ער וויל צוריק אַהיים. איך בין אַרומגע־גאַנגען איבערן פעלד ביים יתומים־הויז און געזען די שטובן פון די קינדער.

איצט, ווען דו ווייסט דעם וועג, קום אָפטער, האָט מילעק געבעטן. ער האָט אונדז צוגעפירט צו דער הכשרה, וואָס איז געווען נישט ווייט פון זיין שטוב.



איך האָב געהערט, ווי זיי זינגען העברעאישע לידער, און נישט געגלויבט, אַז זיי האָבן זיך אַזאַ אַנדערש לעבן געמאַכט. מילעק האָט מיר געזאָגט, אַז נאָך דער מלחמה, וועט ער זיין אין אַ קבוצה, נאָר דערווייל האָבן זיי אים נאָך נישט געוואָלט אריינגעמען.

א סך יידן אין געטאָ האָבן גענומען אַ שטיקל פעלד און פאַרזייט ציבל, אוגערקעס און קאַרטאָפל.

מענטשן האָבן זיך פון זיי אויסגעלאַכט, געזאָגט:

— ביז אַ בלעטל וועט אויסוואַקסן, וועלן די דייטשן נעמען אַ סוף. אַ שאָד אַוועקצולייגן די כוחות און אַרבעטן מיטן לערן מאָגן. די פּאַליאַקן וועלן באַלד צוריקקומען אין זייערע היימען און צונעמען די ערד.

איך האָב אָבער שוין נישט געגלויבט, אַז די מלחמה וועט זיך אַמאָל ענדיקן. איך האָב דווקא געטראַכט, אַז עס איז גוט, וואָס עס וואַקסט אַביסל גרינס אויף די פעלדער.

ווען איך מיט זיין פאָטער האָבן זיך געזעגנט מיט אים, האָב איך געזען, אַז מילעק וויל מיטגיין אַהיים. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט. אַוועקגעלייגט די מאַרמעלאַדע, וואָס דער פאָטער האָט אים געבראַכט. געשוויגן.



די היצן זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן גרעסער. מיט אַ יאָר צוריק, האָב איך געטראַכט אין זיך, זענען מיר געווען אין דאָרף אויף פרישער לופט. דער טאַטעשי איז יעדן פרייטיק געקומען מיט מתנות, אויך די משפחה איז געווען

אין דעם זעלבן דאָרף. שבת זענען אַלע געזעסן אין וואַלד און פאַרברענגט. איצט איז שוין קיינער נישטאָ מער מיט אונדז. אין געטאָ איז נישטאָ קייןביימער, נישט קיין פייגל. אפשר קאָנען פייגל אין אַ געטאָ נישט זיין?

אויף די פעלדער אין די זייטיקע געסלעך און וועגן איז גרין און ליכטיק. אַ סך מענטשן גייען שבת אַרויס אויף די פעלדער, כדי זען די חברה פון דער הכשרה. ווי זיי ארבעטן, זינגען און האָבן אַ סך לעבן. איך האָב אָבער נישט געקאָנט גיין צו מילעקן אליין און אריהלען האָב איך נישט געקענט מיטנעמען. שלעפן אים דעם גאַנצן וועג האָב איך אויך נישט געקענט. גוט האָט געטאָן די מאַמעשי, וואָס זי האָט אַוועק־געשיקט דינהלען מיט יאדוויגאַן. איר פעלט דאָרט גאָר־נישט! קיין בריוו האָבן מיר שוין לאנג נישט באקומען. אָבער יעדער פויער האָט דאָך זיין ערד און קאָן פאַרזייען וואָס נאָר ער וויל. עסן פעלט דאָרט נישט קיינעם און קיי־נער דאַרף נישט שטיין אין דער ריי אַ האַלבן טאָג נאָך אַ ביסל קאַרטאָפל. אַפילו אין געטאָ וואַקסט, כאָטש יידן ווייסן נישט ווי אזוי מען אַרבעט אויף אַ פעלד. איך ווייס, אַז דינהלע איז נישט הונגעריק, האָב איך אַ סך געטראַכט, ווען איך האָב געקוקט אויף איר בילדל. אוי, האָב איך זי געוואָלט זען!

יעדע נאכט האָט די מאַמעשי ארויסגענומען דעם אלבום מיט די בילדער. געקוקט אויף די בילדער פון טאַטעשי, פון דינהלע, ווען זי איז נאָך א קליין מיידעלע געווען. יעדעס מאָל גערעדט צו דער מומע צילא: איצט איז זי שוין גאָר א גרויסע פריילין! די מאמעשי פלעגט שטענדיק נאָך אין דער היים רעדן, אז דינהלע וועט זיין א שיינהייט, ווען זי וועט אויסוואקסן. דאָס הייסט, אז ווען זי האָט געזאָגט א „פריילין" האָט זי געזען דינהלען נאָך שענער ווי אַלע מאָל. וועגן טאַטעשי האָט די מאַמעשי ווייניק גערעדט. נאָר אין די נעכט האָב איך געהערט אַ סך מאָל די מאַמעשי וויינען. איך האָב געזען, אַז די מאַמעשי האָט שוין נישט קיין כוח שווער

צו אַרבעטן. איך האָב געקריגן מורא, די מאמעשי זאָל חלילה נישט ווערן קראַנק. אַלע אין געטאָ ווערן דאָך קראַנק!



אין דעם טאָג, וואָס איך האָב געהאַט אַביסל צייט, בין איך געלאָפן צו דער הכשרה. אויף די פעלדער אונטערן געטאָ. אויך די ייִנגלעך פון אונדזער הויף, סענדער און לייזער זענען מיט מיר מיטגעגאַנגען. זיי זענען געקומען פון זעלעוו און זדונסקא־וואָלאַ. זיי זענען שוין לאַנג נאָך דער בר־מצווה, און זענען נישט גרעסער פון מיר. אַזוי ווי מיר זענען געקומען אויפן מאַרישין, זענען מיר אַריין צו מילעקן און שפּעטער צוזאַמען אַרויס צו דער קבוצה. אויף די פעלדער זענען אויסגעוואַקסן אַלע גרינסן, וואָס די געטאָמענטשן האָבן פאַרזייט, און וואָס אַלע קיבוצים האָבן געפלאַנצט. אומעטום איז גרין און בליט. די אַלע, וואָס האָבן געזאָגט, אָט, אָט, איז אויס מלחמה, האָבן באַדויערט, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין געדולד צו ערד־אַרבעט. די ראַציעס זענען וואָס אַמאָל קלענער געוואָרן. אויף מיטאָג פאַר יעדן איז צוגעטיילט געוואָרן אַ ביסל קאַרטאָפל־וואַסער מיט גרויפּן. שעהען שטייען אַלע אין דער ריי פאַר דער קיך, נאָך אַזאַ „כלאַפּוס". ביז מען איז אַהיימגעקומען איז עס קאַלט געוואָרן.

יעדעס מאָל פלעגט אונדז מילעק עפּעס מיטגעבן פון פעלד. אַמאָל אַ בינטל רעטעך. אַן אַנדערש מאָל האָט ער מיר געגעבן אַ פּאָר קאַרטאָפל. איך האָב זיי אין די הויזןטאַשן אויסבאַהאַלטן און אהיימגעטראָגן.

גראָד דעם שבת ווען מיר זענען געקומען, האָט מילעק אונדז געזאָגט, אַז באַלד וועט פאָרקומען אַ פייערונג אויף דער הכשרה, און ער קאָן מיט אונדז צוגיין אַהין. מיר זענען אַרויס אויפן פעלד נישט ווייט פון זיין הויז. פון דער ווייטנס האָט מען געזען די דראָטן פון געטאָ. דערנאָך זענען שוין

געוועז גרויסע, פוסטע פעלדער. אין די פּאַרלאָזענע היל־צערנע הייזלעך האָבן פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס געמאַכט קבוצות. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין געטאָ זענען פאַראַן אַ סך פּאַרטייען און די דערוואַקסענע קומען צו די אָרגאַ־ניזאַציעס פון זייער יוגנט. אין דער קבוצה ווו מיר זענען געקומען, זענען מיר אַלע געשטאַנען אין אַ זייט און זיך צוגעקוקט ווי זיי שטייען אַזוי אין רייען. עס איז געווען אַ פייערונג געווידמעט הערצל און ביאַליק. די מיידלעך זענען געווען אָנגעטאָן אין ווייסע בלוזקעס און האָבן געזונגען העברעאישע לידער. ווייט איבערן שטח האָט זיך געטראָגן זייער קול. אַ דערוואַקסענער בחור האָט דערציילט וועגן הערצלען, וועלכער האָט געשריבן, אַז יידן מוזן האָבן אַן אייגן לאַנד און אַליין עס אויפבויען. „אם תרצו אין זו אגדה" — האָט דער רעדנער געזאָגט ביים סוף אויף העברעאיש און פאַרטייטשט אויף פּויליש. די בילדער פון הערצל, א. ד. גאָרדאָן און טרומפּעלדאָר זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף א מויער, ארומגעפוצט מיט גרינע צווייגן. דערנאָך האָבן אלע געטאַנצט אַ הורה. איין ראָד האָט זיך אַריינגע־ריסן אין צווייטן. אַלע ארום האָבן געזונגען, ווי עס וואָלטן נישט געווען קיין דייטשן, קיין מלחמה. די מענער, וואָס זענען געקומען פון געטאָ, האָבן מסתמא געוווסט, אז אַזאַ פייערונג וועט זיין. אַ סך האָבן געוויינט, הערנדיק ווי די חברה פון דער הכשרה האָט געזונגען „עם ישראל חי!" שפּעט, פאַרן אַוועקגיין, האָבן אַלע געזונגען די „התקווה".

גיך זענען מיר געלאָפן אהיים איבערן פעלד, דורך די הייף, ווייל אויף די גאַסן איז שוין געווען צו שפּעט זיך צו ווייזן. די דייטשן שיסן דאָך צו אַלע, וואָס גייען ארום פאַר־נאַכט. מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט צוריקגיין פריער, ווי לאַנג עס איז געווען די פייערונג. דאָס מאָל האָב איך גע־ברענגט אַ ביסל רעטעכער. אָבער ווי נאָר איך האָב אויפ־געמאַכט די טיר, האָב איך דערזען אַ פולע שטוב מיט מענ־טשן. אַלע שכנים פאַרוויינט. אויף דער ערד אָנגעצונדענע ליכט.

„וואָס איז געשען? וואָס טוט זיך דאָ?" — האָב איך געפרעגט. קיינער האָט מיר נישט געענטפערט.



קיינמאָל וועל איך דעם טאָג נישט פאַרגעסן. אריהלע איז געשטאָרבן.

ער איז איינגעשלאָפן נאָך מיטאָג, ווען איך בין אַוועק אין יתומים־הויז. ווי לאַנג ער איז געווען אין דער שטוב האָב איך נישט געקענט וויינען, ווען מען איז געקומען אין דער פרי אריהלען אַרויספירן, האָב איך אָנגעהויבן שרייען אויפן גאַנצן קול. נאָך קיינמאָל האָב איך אזוי נישט גע־שריגן. די מומע צילא האָט מיך גענומען צו זיך אין שטוב אריין, אַרויפגעלייגט אויף איר בעט. די שכנים זענען מיט מיר געבליבן און אויך די יינגלעך פון הויף. די מאַמעשי איז אַוועקגעגאַנגען מיט דער מומע צילא אויפן בית־הקברות. פאַרוואָס, פאַרוואָס איז אריהלע געשטאָרבן? ער איז דאָך נישט געווען קראַנק? קיינמאָל האָט ער נישט געזאָגט, אַז עפּעס טוט אים וויי. איך האָב געהערט, אַז אַ סך קינדער הויבן זיך אויף אין דער פרי מיט פיבער. אריהלע האָט אָבער קיינמאָל נישט געהאַט קיין היץ. אים איז שטענדיק געווען קאַלט...

די גאַנצע נאַכט האָב איך געוויינט. אַלעמאָל דערמאָנט, אַז די מאַמעשי האָט אים געגעבן איר מאַרמעלאַד, הייוון אויסגעשמירט אויף ברויט. אריהלע האָט אָבער נאָר געגעבן אַ ביס און האָט באַלד צוריק אַוועקגעלייגט. פאַרוואָס האָט אריהלע אויפגעהערט עסן? די דאָקטאָרין, וואָס איז אַ פּאָר מאָל געווען ביי אריהלען, האָט געזאָגט, אַז אין געטאָ איז נישטאָ קיין רפואות פאַר קינדער. נאָך דער מלחמה וועלן אַלע שלאַפקייטן אַוועק. גאַנצע טעג איז ער, נעבעך, געלעגן אין בעט און געשלאָפן. ביז ער איז איינגעשלאָפן אויף שטענדיק.

וואָס וועט זאָגן די באָבעשי? — האָב איך געטראַכט. מען טאָר איר גאָרנישט וועגן אַזאַ אומגליק דערציילן. אויך

דער זיידע מנשה דאַרף וועגן דעם נישט וויסן. כאָטש ער ווינט זייער נאָענט צו אונדז, קומט ער נישט די לעצטע צייט. דער וועג אין שפּיטאָל מאַכט אים זייער מיד. וואָס וועט זיין, ווען דער טאַטעשי וועט צוריקקומען און זיך דערוויסן, אַז אריהלע איז שוין נישטאָ?

★

אין שניידער־רעסאָרט, ווו די מאַמעשי האָט געאַרבעט, האָט מען געמאַכט אַ שולעכל פאַר קינדער. די קינדער האָבן באַקומען יעדן טאָג אַ זופּ מיט אַ פּאָרציע ברויט. מיר לער־נען אביסל און שפּילן זיך. די גרעסערע קינדער באַקומען אַרבעט. פריער, ווען די מאַמעשי איז אַוועק אין רעסאָרט, פלעג איך קומען אַ סך שפּעטער. איך האָב געהאָלפן אין מאַגאַזין צוזאמענלייגן די פּעקלעך און די צודאַטן. אַ פּחד איז אויף מיר געפאַלן, ווען איך בין געבליבן אינדערהיים און געזען דאָס ליידיקע בעטל פון אריהלען. די מאַמעשי פלעגט אים אַלעמאָל ביינאַכט אַריינבעמען צו זיך. זי האָט געהיטן ער זאָל זיין צוגעדעקט מיט דער דעק. איך האָב אַלעמאָל מורא געהאַט אַוועקצוגיין פון דער היים, לאָזן אים אליין. איצט האָב איך מורא געהאט צו בלייבן אין שטוב. באַלד האָט זיך מיר דערמאָנט אריהלע, דערנאָך דער טאַטע־שי און דאן דינהלע און יאדוויגא, וועלכע שרייבן שוין לאַנג נישט קיין בריוול. ווען מיר זענען געקומען אין געטאָ, האָב איך נישט געוווסט ווי אזוי וועלן מיר לעבן אין צוויי קליינע שטובן. אויך ביי אונדזערע שכנים זענען די שטובן ליידיק געוואָרן. די קינדער זענען געשטאָרבן. אויך די אַלטע מענ־טשן. וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין? — האָב איך אַזוי אַריינגעטראַכט אין די נעכט און נישט געקאָנט איינשלאָפן. געהערט ווי דער דייטשער פּאָסטן קלאַפּט מיט די שטיוול, גייט אַהין און צוריק איבער דער גאַס. ער האָט געהיט די יידן בייטאָג און ביינאכט, קיינער זאָל נישט אַנטלויפן.

★

עס זענען פאַרביי לאַנגע חדשים, און יעדער טאָג איז געווען ענלעך צום אַנדערן. די מאַמעשי איז וואָס אַמאָל שוואַכער געוואָרן. קוים געגאַנגען צו דער אַרבעט אין שניידער־שאָפּ. אַ סך יידן פון אונדזער הויף זענען אַרויסגע־שיקט געוואָרן אויף אַרבעט. עס זענען געקומען אַנדערע פון דייטשלאַנד, וואָס זענען נישט ענלעך צו קיין יידן. זיי קענען אפילו נישט רעדן יידיש. קיינער פון זיי האָט אויך נישט געוווסט ווהין זיי זענען אָנגעקומען.

צו מילעקן בין איך מאנכעס מאָל געגאַנגען מיט דער מאַמעשי, ווייל זיין פאָטער איז פלוצים קראַנק געוואָרן.

אין איינעם אַ טאָג האָבן מענטשן אָנגעהויבן דערציילן, אז די דייטשן ווילן אַרויסשיקן אַלע קינדער פון געטאָ. קיינער האָט נישט געוווסט פאַרוואָס פלוצים קינדער? די מאַמעשי האָט זיך זייער דערשראָקן, האָט פאַרפּאַקט מיינע זאַכן אין אַ קויבערל און איז אַוועק מיט מיר אין יתומים־הויז, באַהאַלטן מיך צווישן די קינדער. מילעקס לערערין האָט מורא געהאַט מיך אריינצולאָזן. זי איז אַוועק מיט דער מאַמעשי צו דער פאַרוואַלטערין, צוזאַמען מיט מילעקן.

— „דאָס איז מיין חבר!" — האָט ער זיך געבעטן, „זאָל ער זיין אין אונדזער שטוב!".

איצט ווייס איך, אַז דאָס איז געווען אַ גרויס אומגליק דאָרט אהינצוגיין. אַ סך קינדער האָבן זיך אין געטאָ אויס־באַהאַלטן אויף בוידעמער און אין די קעלערס. דעם צווייטן טאָג, וואָס איך בין געווען אין יתומים־הויז, איז אין פרי־מאָרגן צוגעפאָרן אַן אויטאָ מיט דייטשן און עס איז נישט געווען ווו צו אנטלויפן. איך האָב געוואָלט מיט מילעקן צו־ריקלויפן אין געטאָ, פאַרשווינדן פון דער ריי, אָבער די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דאָס פעלד, געהיטן אַז אַלע זאָלן בלייבן אויפן אָרט. די קינדער זענען גיך אריינגע־שטופּט געוואָרן אין די אויטאָס און מיר זענען געפאָרן צו דער באַן.

מאַמעשי טייערע, האָב איך אין האַרצן געוויינט, וואָס וועסטו טאָן, ווען דו וועסט קומען און מיך נישט טרעפן?

אזוי האָט אויך מילעק געטראַכט און קיין וואָרט נישט גע־קאָנט אַרויסרעדן. זיין פאָטער איז דאָך פון לאַנג שוין קראַנק. אַלע קינדער האָבן געוויינט. מיר האָבן געהאַלטן דאָס ברויט און דאָס עסן, וואָס די דייטשן האָבן אונדז גע־געבן און אַלץ געטראַכט וויאַזוי און וווהין צו אַנטלויפן, צוריקלויפן אין געטאָ. מיטאַמאָל, ווען די באַן האָט גערירט, האָט מיך מילעק אַ שלעפּ געטאָן צום פענצטער און געזאָגט: שפּרינג!

ער איז דער ערשטער אַרויסגעשפּרונגען. איך האָב זיך קוים אַרויסגעשטופּט דורכן פענצטערל, און באַלד האָב איך דערהערט אַ שאָס. איך האָב אָנגעהויבן לויפן פאָראויס. געמיינט, אַז פאַר מיר לויפט מילעק. לאַנג בין איך אזוי געלאָפן. איך בין געבליבן אָן כוחות און אַריינגעפאַלן אין אַ ראָוו. ארום איז קיינער נישט געווען. מילעק... מילעק, ווו ביסטו? — האָב איך שטיל גערופן. מורא געהאַט אויפצו־הויבן דאָס קול. וואָס וועל איך איצט טאָן איינער אליין?

פון דער ווייטנס האָב איך דערזען פעלדער מיט תבואה. הויכע בערג אָנגעלייגטע מיט בינטלעך שטרוי. פוןביידע זייטן ראָוו האָב איך דערזען לאַנגע, ברייטע פעלדער. קיין דייטשן — קיין דראָטן!

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך בין אין אַ דאָרף. פון דעם העמד האָב איך שנעל אַראָפּגעריסן די געלע לאַטע און אריינגעטרעטן אין זאַמד. ארויסגעקליבן זיך פון ראָוו און פאַמעלעך, פאַמעלעך גענומען זיך שאַרן, זיך גערוקט אויפן בויך. דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט, כאָטש אַרום איז קיין מענטש נישט געווען. איך האָב זיך דערנענטערט צו אַ הויפן שטרוי. פאַנאַנדערגעשאַרט די בינטלעך, אריינ־גערוקט די פיס, צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צו דער ערד.

★

איך געדענק נישט ווי לאַנג איך בין געלעגן איינער אליין אין שטרוי איינגעגראָבן. צי בין איך איינגעשלאָפן? אינמיטן דער נאַכט האָב איך זיך אויפגעוועקט. איך האָב געוואָלט וויינען, אין האַלדז האָט מיך געשטיקט, נאָר אַפילו

וויינען האָב איך נישט געקענט. צי וועלן מיך איצט כאַפּן די פּויערים און אַוועקפירן צו די דייטשן? אין קאָפּ האָט גע־רוישט. פאַרשידענע בילדער זענען דורכגעלאָפן דורך מיינע אויגן. אַ טרונק וואַסער! ווו נעמט מען כאָטש איין טרונק?! ווי גוט איז מיר געווען אין געטאָ! איך בין געווען צוזאמען מיט דער מאַמעשי! צוליב וואָס בין איך אוועק אין יתומים־הויז? — האָב איך אָן אויפהער גערעדט צו זיך. וואָס וועט איצט זיין מיט דער מאמעשי און מיט דער מומע צילאַ? ווער וועט גיין אין דער ריי אַלץ אַהיימברענגען? ווו איז מילעק אהינגעקומען? איך האָב אויסגעקוקט דאָס פעלד אין דער נאַכט און קיינעם נישט געזען. זיי האָבן אים נישט דער־שאָסן! ניין! — האָב איך ווידער אָנגעהויבן וויינען און בעטן צו גאָט, אַז זיי זאָלן אים קיין שלעכטס נישט טאָן. קיין שלעכטס זאָל מיט אים נישט פּאַסירן!

★

אינדערפרי האָב איך פלוצים דערפילט, ווי עמעצער שלעפּט מיך פאַרן אַרבל. איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן און דערזען אַן אַלטע פויערטע מיט אַ ברייטן טוך אויפן קאָפּ. ווערט ביסטו? פון וואַנען ביסטו געקומען? — האָט זי אַ פאַרוווּנדערטע אויסגעפרעגט. שטיל און מיט אַ פחד האָט זי געפרעגט: ביסטו אַ ייד? זאָג דעם אמת! איך האָב גע־קוקט אויף איר, נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן און אָנגע־הויבן וויינען. די טרערן האָבן זיך אַליין געגאָסן פון די אויגן. איך האָב געווישט און געווישט דאָס פּנים מיטן אַרבל, און נישט געקענט זיך מער צוריקהאַלטן. כ׳בין, כ׳בין אנט־לאָפן פון... פון...

— שאַ! — האָט די פויערטע געזאָגט — און ארויפגע־לייגט מיר די האַנט אויפן מויל. פון דער פלייצע אַראָפּגע־ריסן די געלע לאַטע מיטן אויפשריפט „יודע״ און אריינגע־לייגט אין איר טאַש אונטערן פאַרטוך.

איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, אז מיט דער לאַטע בין איך דעם גאַנצן וועג געלאָפן. ווי גוט האָט זי געטאָן, וואָס זי האָט זי אַראָפּגעריסן. עס וואָלט דאָך געקאָנט אַן אומ־

גליק געשען, ווען עמעצער וואָלט ביי מיר געזען אַ געלע לאַטע אויף דער פּלייצע.

— ליג דאָ שטיל און ריר זיך נישט פון אָרט — האָט די פויערטע געזאָגט צו מיר און איז אַוועק.

איך האָב געציטערט פאַר שרעק. וואָס מיינט די פּוי־ערטע מיט מיר צו טאָן? אפשר וועט זי צוריקקומען מיט איר מאַן און פירן מיך אין דער פּאָליציי? אָדער אַוועק־טרייבן? ווי הייסט דאָס דאַרף? — האָב איך די גאַנצע צייט געטראַכט. אפשר צוריקלויפן אין געטאָ?

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די פּויערטע איז צוריקגעקומען מיט אַ קענדל טיי. געגעבן מיר אַ שטיק ברויט מיט ווייסן קעז באַשמירט.

— עס, עס... — האָט זי שנעל גערעדט צו מיר און שטילער צוגעגעבן:

— קיינער ווייסט נישט, אַז דו ליגסט דאָ. ביינאַכט וועל איך קומען דיך נעמען.

דאָס קענדל טיי האָב איך מיטאַמאָל אויסגעטרונקען, אָבער קיין ביסן נישט געקענט אַראָפּשלינגען. אַ גאַנצן טאָג בין איך געלעגן אין דעם באַרג שטרוי. אַרויסגעקוקט צווישן די בינטלעך. געזען, ווי די שקאָצים נעמען צוזאַ־מען די געבונדענע בינטלעך קאָרן און וואַרפן זיי אַרויף אויף וועגענער. די פּויערטעס האָבן געזונגען הויך מיט אַ קוויטשענדיק קול און זייער געלעכטער האָט זיך געטראָגן איבערן פעלד, ווי עס וואָלט קיין מלחמה נישט געווען. די אָנגעפּאַקטע וועגענער זענען אָפּגעפאָרן. אַנדערע זענען צוריקגעקומען ליידיקע. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין גע־ווען אין געטאָ האָב איך קיין זומער נישט געזען. דאָס גרויסע פעלד, דער ליכטיקער הימל, דאָס אַלץ האָט מיר דערמאָנט דעם לעצטן זומער, ווען מיר זענען נאָך אַלע געווען צוזאַמען אין אַ זומער־ווױנונג. די זון האָט מיר גע־שטאָכן די אויגן, איך האָב נישט געקענט פאַרטראָגן די ליכטיקייט. אין דעם באַרג שטרוי באַהאַלטן, האָב איך נישט געהאַט קיין לופט צו אָטעמען. דאָס ברויט איז געלעגן נעבן

מיר און איך האָב נאָר געוואָלט שלאָפן און שלאָפן.

יעדעס מאָל האָט זיך מיר אַן אַנדער בילד געוויזן. איין מאָל דאָס יתומים־הויז מיט די קינדער, אַן אַנדער מאָל די באַן מיט די פאַרקלאַפּטע טירן, אַ פינצטערע און שמוציקע. ווען האָט דאָס אַלץ פּאַסירט? — איך האָב געוויינט שטיל, קיינער זאָל נישט הערן. פאַרוואָס בין איך אַוועק פון דער היים? וואָס וועט איצט זיין מיט דער מאַמעשי? ווו איז מילעק אַהינגעקומען? וואָס האָט מיט אים פּאַסירט? ווידער האָב איך געהערט אַ שאָס פון „פּאָסטן" און איבערגעחזרט אויפסניי: ער לעבט! ער לעבט! זיי האָבן אים נישט דערשאָסן!

דאָס ברויט, וואָס די פויערטע האָט מיר געגעבן, איז געלעגן אין שטרוי, געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער. אָ וואַ, ווי גוט וואָלט דאָס געווען, ווען די מאַמעשי וואָלט אַזוי פיל ברויט געהאַט! איך האָב געוואָלט צוריקלויפן אין געטאָ צו דער מאַמעשי און צו דער מומע צילאַ. ווי קאָן איך אָבער צוריקגיין אין געטאָ אָן אַ לאַטע! דער קאָפּ האָט מיר געברענט און פאַר די אויגן איז פינצטער געווען. איך מוז איצט וואַרטן אויף דער פויערטע, זי האָט דאָך געזאָגט, אַז זי וועט צוריקקומען — האָב איך געטראַכט. איך בין איינגעשלאָפן.



אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט האָט מיך עמעצער געצויגן פאַר די הענט. איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן. דערזען די פויערטע שטיין נעבן מיר. נאָר איך האָב שוין פאַר איר נישט מורא געהאַט. זי האָט מיר געגעבן צו טרינקען הייסע מילך פון קענדל און שטיל געזאָגט: — קום.

איבער אַ פינצטערן וועג האָט זי מיך געפירט. מיט גרויס שרעק בין איך אין דאָרף געלאָפן, נישט געוווסט וואָס וועט מיט מיר זיין, ווען איך האָב שוין נישט קיינעם. איך האָב נישט געקענט גלויבן, אַז די אַלטינקע מיינט דאָס אויף אַן אמת, ווען זי האָט שטיל גערעדט:

— אָרעמע קינדער, לויפן אַליין ארום איבער די פעל־דער, וואָס פאַראַ צייטן געוואָרן? ווו זענען דיינע, די מאַמע, דיין משפחה? אַנו, קום גיכער, גיכער!

די פיס האָבן זיך ביי מיר געפּלאָנטערט. דער קאָפּ האָט געברענט. איך האָב קוים אָנגעיאָגט אירע טריט.

— ווי רופט מען דיך, יינגל? — האָט זי פּלוצים גע־פרעגט און גלייך אַ זאָג געטאָן: יוזעק... יוזעק הייסטו! געדענק!

זי האָט מיך צוגעפירט צו אַ קליינער געביידע, אַרומ־געקוקט זיך אין אַלע זייטן. דערנאָך מיט אַ שליסל אויפ־געמאַכט די ברייטע הילצערנע טיר און געמורמלט:

— אַנו, קריך אַריין... דאָ אין שייער, פּאַק זיך אַריין אין שטרוי... ריר זיך נישט פון אָרט! שאַ... זי האָט מיר צוגעלייגט די האַנט צום קאָפּ און שטיל גערעדט: היץ האָסטו... דער קאָפּ ברענט ביי דיר און די הענט... דו אָרעם יינגל... האָב נישט מורא. מאָרגן ברענג איך דיר עסן. זי האָט נעבן מיר אַוועקגעלייגט אַ שטיק ברויט און איז אַוועק. איך האָב געהערט ווי זי האָט מיט אַ פאַרוקער פאַרמאַכט די טיר.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי האָט מורא פאַר אירע שטוב־לייט. פאַר וועמען האָט זי דאָס מורא, פאַר וועמען היט זי זיך? — האָב איך גענומען אַריינטראַכטן. זי איז שנעל אַנטלאָפן צו זיך. די הייזער זענען מן הסתם אירע, אויך דער גרויסער הויף, די ווירטשאַפט. און קיין דייטש האָב איך אין ערגעץ נישט געזען.



איך געדענק נישט וויפל צייט איז אַדורך פון מיין קומען אין שייער. אַ סך טעג בין איך געלעגן אין אַ פּאַרה, צוגעדעקט מיט אַ ברעט און ביינאַכט אין שטרוי. יעדעס מאָל, ווען די פויערטע פלעגט קומען, פלעגט זי אין דער פינצטער גלייך טרעפן צו מיין באַהעלטעניש. אויף צו מאָרגנס נאָך מיין קומען אין שייער האָט זי אַריינגעבראַכט

אַ טעפּל טיי, הייסע קאַרטאָפל אין אַ בלעכערן שיסעלע און גערעדט צו מיר גוטע רייד:

— עסן דאַרפסטו, עסן... די מערן ליגן דאָ פון נעכטן, און דאָס ברויט.

מיט אַ נאַס טיכל האָט זי מיר געווישט דאָס פּנים און די הענט.

איך האָב געטרונקען פונעם עמער וואַסער מיט אַ בלעכערנער שעפּ און בין געשלאָפן. האָב די אויגן נישט געקענט עפענען. באַלד זענען זיי ווידער צוגעפאַלן. צי בין איך קראַנק געווען? צי איז עס געווען די שרעק, אַז די פויערטע זאָל מיך נישט אַרויסטרייבן? אפשר לאָזט זי מיך נאָך ליגן נאָך אַ טאָג און זי וועט מיך הייסן גיין? — איז געווען מיין איינציקער געדאַנק. איך האָב דאָך געזען, אַז אויך די באַלעבאָסטע האָט מורא.



אין איינעם אַ טאָג, ליגנדיק אַזוי אין פּאַס, האָב איך דערהערט שפּילן. דאָס איז נישט געווען קיין חלום. אַ פידל האָט געשפּילט און אַ געזאַנג האָט אָפּגעהילכט איבערן הויף.

איך בין אַרויס פון פּאַס, פּאַמעלעך צוגעשאַרט זיך צו דער וואַנט, דורך אַן עפענונג אַרויסגעקוקט, וואָס קומט דאָ פאָר? וווּ בין איך? האָב איך זיך געפרעגט. וואָס איז מיט מיר געשען אַזאַ לאַנגע צייט? איך האָב געזען אַ הויף פול מיט פויערטעס אין לאַנגע קליידער. די מענער זענען געווען אָנגעטאָן, ווי אויף יום־טוב. אַרום לאַנגע טישן זענען זיי געזעסן. איינע פון די יונגע פרויען האָט געטראָגן אַ ווייס קלייד און אויף דעם קאָפּ אַ קראַנץ מיט בלומען. דאָס איז מן־הסתם אַ כלה — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. זיכער איז ביי זיי אַ חתונה! פון ברייטע שיסלען האָבן זיי געגעסן. הויך געלאַכט. אַלע האָבן צוזאַמען געזונגען...

איך האָב אַרויסגעקוקט אויף דעם הויף און האָב געכאַפּט, ווי די שקצים האָבן זיך גענומען פאַר די הענט, זיך

אויסגעשטעלט אין אַ ראָד און אין אַ צווייטן ראָד די מיידלעך. זיי האָבן געטאַנצט און אַן אַלטער פויער האָט געשפּילט אויף אַ פידל. דאָס געלעכטער און געזאַנג האָט זיך געטראָגן איבערן הויף אין די הויכע קולות. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין, ווי האָבן זיי דאָס נישט קיין מורא פאַר די דייטשן? דער זקן נעבן דער כלה האָט הויך געזונגען:

...אונדזער לאַנד, אונדזער לאַנד, היט אונדז גאָט, מיט דיין גענאָד!

איך האָב מורא געהאַט לאַנג צו שטיין ביי דער וואַנט און אַרויסקוקן. אפשר וועט פּלוצים עמעצער ווערן אַריינ־גיין אין שייער? איך בין צוריק אַריין אין פּאַס, אָבער איך האָב גוט געהערט זייער געזאַנג און דאָס פריילעכע געלעכטער. עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרץ. איך האָב נישט געוואָלט וויינען.

קיינמאָל אין געטאָ האָב איך דאָך נישט געוויינט. אָבער האָב שוין נישט געקענט אָפּהאַלטן די טרערן. ווידער האָב איך געגומען דערמאָנען דעם טאָג, ווען איך בין געשפּרונ־גען פון דער באַן. איך בין אין אַ דאָרף צווישן פויערים, עס פעלט מיר נישט צו עסן, אָבער עס איז דאָך ערגער ווי אין געטאָ! אין דער היים האָב איך דאָך געקענט אַרויס אויף דער גאַס, זען מענטשן! און איצט טאָר דאָך קיינער נישט וויסן פון מיר, עס איז אַ סוד, אַז איך לעב! פאַרוואָס טאָר איך נישט לעבן? פאַרוואָס ווילן די דייטשן נאָר די יידן אויסהרגענען?

אַזעלכע געדאַנקען זענען מיר קיינמאָל ביז איצט נישט איינגעפאַלן. ווען די פויערטע איז שפּעט ביינאַכט אַריינ־געקומען, האָב איך זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט. איך האָב נישט געוואָלט זי זאָל וויסן, אַז איך האָב געוויינט. זי איז דאָך גוט צו מיר. זי באַהאַלט מיך אויס, און מיט אַ פּחד היט זי זיך, אַז קיינער זאָל פון מיר נישט וויסן. זי האָט עפּעס שטיל געמורמלט צו זיך. אַלעמאָל רעדט זי צו זיך. אָוועקגעלייגט אַ פּעקל אין אַ טיכל פאַרפּאַקט, און איז

אַרויס. איך האָב געהערט, ווי זי האָט פאַרריגלט די טיר. דאַן האָב איך אויפגעמאַכט דאָס פעקל. עס האָט געשמעקט מיטן ריח פון אַ קוכן. איך האָב איינגעביסן און פון לאַנג שוין אַזאַ גוטע זאַך נישט געהאַט אין מויל. יאָ, דאָס האָט געמוזט זיין אַ חתונה! — האָב איך זיך געטראַכט. זי, די אַלטע פויערטע, האָט מיר אַ חלק געבערענגט צו פאַרזוכן.

*

דער זומער איז אַדורך. עס זענען אָנגעקומען קאַלטע טעג. נאָך ערגער איז געווען אין די נעכט. דער רעגן האָט געקלאַפּט איבערן דאַך, עס האָט אַריינגעדרונגען דורך די ברעטער. די פויערטע האָט אַריינגעבראַכט זעק, צוגעדעקט מיך. אין די פינצטערע קאַלטע נעכט בין איך געלעגן אונ־טער די זעק און געציטערט. נישט געקענט זיך דערוואַרע־מען, נישט געקענט איינשלאָפן. פאַרשידענע געדאַנקען האָבן מיך געמאַטערט, נישט געלאָזט רוען. ווי לאַנג וועל איך דאָ אַזוי ליגן? צו דער פינצטערניש האָב איך זיך צו־געוווינט, אָבער גאַנצע טעג זיין אַליין האָב איך נישט געקענט. וויפל מאָל האָב איך מיר געטראַכט, אַז שוין בע־סער צו אַנטלויפן פון דעם פינצטערן שייער.

אָבער באַלד האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז מען טאָר נישט לויפן. ווער ווייסט וואָס קומט פאָר אין דעם דאָרף, ווען די פויערטע האָט אַזוי מורא! איך האָב באַ־מערקט, אַז ווען זי איז אַריינגעקומען בייטאָג, האָט זי צו מיר נישט גערעדט. זי האָט עפּעס געזוכט אין די ווינקלען. אַרויסגעטראָגן אין אַ טאָפּ, אָדער אַ קויבער. אַ טעפּל הייסע קאַרטאָפל האָט זי אַלעמאָל ביי מיר אַוועקגעשטעלט און איז באַלד אַוועק. איינמאָל אין מיטן טאָג איז צו מיר דער־גאַנגען איר קול פון הינטער דער וואַנט:

— אַוועק... אַוועק... קריך אַריין אין פּאַס... דעק זיך צו מיטן ברעטל! גיך! גיך! דו... רוף נישט דיין מאַמען... קיי־נעם פון דיינע... די הינט זוכן היינט אומעטום...

מיטאַמאָל איז די שלאַפקייט פון מיר אַוועק. וואָס איז

מיט מיר געווען? — האָב איך מיך אַליין געפרעגט. ווי אַזוי בין איך אָפּגעלעגן טעג און נעכט אין שטרוי? איך בין אַרויס פון די זעק און גיך אַריינגעשפרונגען אין פּאַס. דאָס דעקל אַריבערגעלייגט איבערן קאָפּ. איך האָב נישט געוואָלט טראַכטן ווער איז געקומען אין דאָרף. וואָס ווילן זיי? צי זענען נאָך אַנדערע יידן אין דאָרף אויסבאַהאַלטן? זאָלן זיי זוכן! זאָלן זיי! מיך וועלן זיי נישט געפינען!



איך האָב נישט געקענט לאַנג ליגן אין פּאַס. איך בין אַרויס. צוגעגנבעט זיך צו אַ ווינקל און דורך אַן עפענונג צווישן די ברעטער אַרויסגעקוקט. געזען אויפן הויף ארומ־גיין צוויי מענער אין הויכע שטיול, וואַרעמע יאַקעס. צי זענען דאָס אירע זין?

מיטאַמאָל האָב איך דערזען אַ גרינעם מונדיר פון אַ דייטש! איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די באַ־לעבאָסטע רעדט אַזוי ווייניק און איז שטענדיק דערשראָקן. אירע זין חברן זיך מיט די דייטשן! איך בין שנעל צוריק אַריין אין פּאַס. עס האָט זיך מיר גענומען מישן אין קאָפּ. איך האָב פלוצים דערזען די באָבע דבורהלע. דעם זיידעשי. וואָס טוט איצט די מאַמעשי? ווי נאָר איך האָב דערזען דעם דייטש, האָב איך ווידער געזען דעם גאַנצן געטאָ! ווי לאַנג בין איך אַזוי געלעגן? איך האָב דאָך נישט געוווסט וואָס טוט זיך מיט מיר!

פלוצים האָט ווער גענומען רוקן ברעטער. איך האָב דערהערט אַ שאָרך.ביידע הענט האָב איך צוגעלייגט צום פּנים. גאָרנישט געוואָלט הערן, נישט זען. איך האָב אָבער דערהערט עטלעכע ווערטער. שטיל האָט עמעצער גערעדט יידיש. איך האָב שוין לאַנג נישט געהערט אַ יידיש וואָרט! דאָס זענען יידן אַריין אין שייער — האָב איך גלייך פאַר־שטאַנען. דאָס האַרץ האָט ביי מיר שטאַרק געזעצט. איך האָב אָבער געוווסט, אַז איך טאָר קיין וואָרט נישט זאָגן. און אַפילו אויף אַ רגע טאָר איך נישט אַרויס פון מיין באַ־

העלטעניש, פון פאַס. אַ פחד איז מיך באַפאַלן. איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. באַלד איז שטיל געוואָרן. אין צוגעדעקטן פאַס, אַזוי ווי איך בין געזעסן, בין איך איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב מיך אויפגעוועקט, איז שוין דורך די לעכער פון די ברעטער אַריין די ליכט פון טאָג. אין אַ ווינקל האָב איך דערזען אַ ייד מיט אַ ייִנגל. שטיל און פּאַמעלעך האָט ער געזאָגט: „מר־דה אני לפ־ניך״. דאָס ייִנגל האָט נאָכגעזאָגט: מודה...

— אַ פאָטער מיט אַ זון — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. זיי זענען געזעסן ווי איינגעגראָבן אין שטרוי און האָבן פּאַמעלעך געגעסן. שטיל געגריזשעט מיט די ציין.

איך האָב מער נישט געקענט זיך איינהאַלטן און פון דער ווייטנס געפרעגט:

— ווער זענט איר? ציי זייט איר אויך אַנטלאָפן פון לאָדזש?

דער מאַן מיטן ייִנגל האָבן זיך אַרומגעקוקט און באַלד באַהאַלטן די קעפּ אין שטרוי. נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגן האָב איך דערהערט אַ דערשטיקט קול:

— ...ייִנגל... ביסטו אַליין דאָ באַהאַלטן? מירן באַלד אַוועק פון דאַנען... דו זאָג נאָר... ווער האָט דיך דאָ אַריינגעלאָזט?

איך האָב דערקענט די טריט פון דער באַלעבאָסטע און שנעל אַ זאָג געטאָן:

— שאַ... מ׳גייט! באַהאַלט זיך!

די פויערטע האָט אויפגעריגלט דאָס טירל פון אַ צווייטער וואַנט און גערופן מיך פון אַ זייט:

— יוזעק! יוזעק... אַנו נעם דאָס עסן, דאָס טעפּל געקעכץ. — זי האָט שווער געזיפצט. — שלעכט, ייִנגל, שלעכט. מיט גרויסע, טייערע מאַשינען זענען זיי געקומען. געפאָרן איבערן דאָרף. עמעצן געזוכט, געזוכט. — זי איז געווען זייער פאַרזאָרגט. ציי זענען אירע זין מיט זיי מיטגעפאָרן? זי איז צו מיר צוגעגאַנגען, אלעמאָל

אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן קאָפּ און שטיל געזאָגט: עס, עס... דעק זיך איבער מיט די זעק... ס'קומט באַלד אַ שטאַר־קער רעגן.

באַלד איז זי אַוועק. פאַרוואָס איז זי געקומען דורך אַן אַנדערער טיר? — האָב איך גענומען אַריינטראַכטן. איך האָב געהערט ווי זי פאַריגלט די קייט ארום דעם ברעט. געזען דורך אַ שפּאַרונע ווי זי גייט פּאַמעלעך אַוועק צו דער גרויסער געביידע, ווו זי וווינט מן־הסתם מיט איר משפחה. יאָ, אַלץ האָב איך שוין פאַרשטאַנען. אירע זין גייען צוזאַמען מיט די דייטשן זוכן איבערן דאָרף. זי האָט שטאַרק מורא פאַר אירע זין. אָבער וועמען זוכן די דייטשן? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט.

די, וואָס האָבן זיך אין שטרוי באַהאַלטן, האָבן קיין שאָרך נישט געטאָן. איך האָב נישט געקענט מער זיין אין דער באַהעלטעניש. גענומען דאָס טעפל מיטן וואַרעמען געקעכץ און צוגעגאַנגען צום ווינקל, ווו עס איז געזעסן דער מאַן מיטן יינגל. דערלאַנגט זיי דאָס טעפל און אַ רייפטל ברויט.

— עס, — האָט דער פאָטער געזאָגט צום זון און דער־לאַנגט אים דאָס טעפל. אַליין האָט ער גענומען בייסן דאָס רייפטל. שטאַרק אויסגעהונגערט זענען זיי געווען. דאָס יינגל האָט געוואַרעמט די הענט ביים הייסן טאָפּ. פּאַמעלעך געזופּט דאָס געקעכץ. זיך געקוויקט מיט יעדן שלונג און באַלד דאָס טעפל צוריקגעגעבן דעם פאָטער. דערנאָך האָט יעדער פון אונדז געטרונקען הייסע טיי פון קענדל. אַ וואָרט האָבן זיי מורא געהאַט אַרויסצורעדן. אין דער ליכט פון טאָג האָב איך געזען ווי דאַר און אָפּגעריסן זיי זענען. נאָכן עסן האָט דער ייד שטיל געבענטשט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געדאַוונט. דאָס יינגל האָט פּאַמעלעך נאָכגעזאָגט. איך האָב זיך צו זיי צוגעקוקט און געטראַכט: אפשר איז דאָס אַלץ אַ חלום?

מיטאַמאָל האָט דער מאַן אַ זאָג געטאָן: מ'דאַרף גיין... קום, קום... ער האָט אַ צי געטאָן דאָס יינגל צו די ברעטער

פון דער וואַנט, פאַנאַנדערגערוקט זיי און פאַמעלעך זיך אַרויסגערוקט.

— וווהין גייט איר?... וואָס וועט זיין, ווען די פויע־רים וועלן אייך כאַפּן? — האָב איך געוואָלט פרעגן. אָבער דער ייד האָט צוגעלייגט די האַנט צום מויל, אַ צייכן געטאָן, כ׳זאָל שווייגן. איך האָב קוים דערהערט די שטילע ווער־טער: מיר זאָלן זוכה זיין צו דער ישועה...

ווי לאַנג האָב איך אַ ייד שוין נישט געזען! איך האָב געוואָלט אַ סך זאַכן ביי זיי פרעגן, נאָר זיי האָבן קיין וואָרט נישט געוואָלט אַרויסרעדן. ווי אַזוי זענען זיי אַריין אין דעם שייער? האָב איך געגומען אַריינטראַכטן. אפשר זענען זיי אויך דאָ געקומען, ווען איך בין קראַנק געווען, געלעגן אין היץ, גאָרנישט געזען און גאָרנישט פאַרשטאַ־נען? ווו גייען זיי אַרום איבערן דאָרף? ווו באַהאַלטן זיי זיך? אַ סך פאַרשידענע געדאַנקען האָבן זיך מיר גע־פּלאָנטערט אין קאָפּ. וואָס וועט זיין? ווי לאַנג וועל איך אַזוי ליגן אין דער פינצטער אין שטרוי? ווי לאַנג וועט נאָך דויערן די מלחמה? איך האָב זיך דערמאָנט אין זיי־דעשי, ווי ער האָט געזאָגט, אַז יעדע רגע קאָן געשען אַ נס. אפשר, אפשר וועט איצט געשען דער נס?



טעג און נעכט זענען אַדורך. איך האָב קיינמאָל נישט געוווסט ווי לאַנג איז אַ טאָג! ווען איך בין געזונט געוואָרן און דער קאָפּ האָט מער נישט געברענט פון ווייטיק, האָב איך אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן שייער. איך האָב זיך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש און מיטאַמאָל דערזען זאַכן, וואָס איך האָב פריער נישט באַמערקט. אין די ווינק־לען זענען געווען צעהאַנגען שנורן מיט שוואָמען, פעקלעך ציבל, גרויסע ליימענע טעפּ, אַרומגעבונדן מיט לייוונט. עס האָט געשמעקט פון זיי מיט פּאָווידלע. אין דער ערד זענען געלעגן איינגעגראָבן קאַרטאָפל, באַדעקט מיט שטרוי.

שפעטער האָב איך געזען אַ פּאַס מיט זויערקרויט און זעקלעך אָנגעלייגט אין אַ זייט.

דאָס איז נישט קיין שייער. די פויערטע האָלט דאָ דאָס עסן, וואָס זי האָט אָנגעגרייט אויף דער צייט פון דער מלחמה — האָב איך געטראַכט.

פּונקט אַזוי ווי דער טאַטעשי האָט צוגעגרייט זעק מיט שפּייז. נאָר מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט אין דער היים און אַוועק אין געטאָ.

יאָ, יאָ, האָב איך צום סוף פאַרשטאַנען, דערפאַר טאַקע קומט דאָ קיינער נישט אַריין.

אין די ערשטע טעג האָט מיך געשטיקט אַ פּחד, אַז אָט, אָט, וועט עמעצער אַריינקומען, וועט מיך געפינען און אַרויסטרייבן! אפשר דערפאַר בין איך קראַנק געוואָרן. לאַנג נישט געקענט זיך אויפהויבן אויף די פיס. איך האָב דורך די עפענונגען צווישן די ברעטער אַלץ אָפטער אַרויס־געקוקט און געזען צוויי גרויסע, שטאַרקע שקצים זיך אַרומדרייען איבערן ברייטן הויף. זי, די מוטער זייערע, האָט כמעט וועגן זיי נישט גערעדט. צי האָט זי מורא גע־האַט פאַר זיי? צי הערשט צווישן זיי נישט קיין שלום? — האָב איך א סך מאָל געטראַכט. ווי שווער איז צו זיין אונ־טער אַ ריגל אַ גאַנצן טאָג! גאָרנישט טאָן, נאָר אַרויסקוקן דורך די שפּאַרעס אויף די פעלדער אַרום! איך האָב געזען דאָס דאָרף. קליינע הילצערנע הייזלעך. געזען ווי די פויערים גייען אַרום אין צעריסענע מלבושים. זייערע קינדער זענען געווען דאַר און דערשראָקן. נישט איין מאָל האָב איך זיי דאָך געזען ארומיאָגן זיך און זיך שפּילן. אָבער צום ערגסטן איז מיר געווען אין די נעכט. איך בין געלעגן אין שטרוי אַריינגעפּאַקט און נישט געקענט איינ־שלאָפן. איך פלעג זיך כסדר דערמאָנען די מאַמעשי, די היים אין דער שטאָט, און אַזוי טראַכטנדיק פלעג איך איינ־שלאָפן. ווי גוט איז געווען צו זען אריהלען אין חלום. ער האָט געלעבט. אַרומגעגאַנגען, גערעדט!



איך האָב נישט געוווּסט קיין חשבון פון טעג. נאָר ווען די באַלעבאָסטע איז אַריינגעקומען אין אַ ריינעם גע־שטייפטן שערץ אויפן געבלימלטן קלייד, האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז עס איז מן הסתם זונטיק, אָדער יום־טוב. ווען זי איז פאַרבליבן ביי מיר אַ ביסל לענגער, האָב איך באַלד געוווּסט, אַז אירע זין זענען ערגעץ אַוועק. דאַן האָט זי מיך גענומען אויספרעגן:

— ווער איז דיין מאַמע? דערצייל, פון וואַנען ביסטו געקומען? ווי אַלט ביסטו?

האָב איך אָנגעהויבן דערציילן:

— איך האָב געהאַט אַ שוועסטערל. דינהלע האָט זי געהייסן. אונדזער דינסט, יאַדוויגאַ, האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. זי איז געווען זייער אַ שיין מיידעלע...

איך האָב געוואָלט אויסדערציילן, אַז יאַדוויגאַ איז מיט איר אַוועק אין דאָרף צו איר משפחה. אָבער באַלד האָבן מיר טרערן גענומען רינען פון די אויגן. איך האָב מורא געקריגן וועגן דינהלען. אפשר האָבן די פויערים נישט געוואָלט זי האַלטן און פאַרטריבן? אויך דאָ, אין די דערפער, האָבן אַלע מורא פאַר די דייטשן און ווילן נישט זען ביי זיך קיין יידן.

— אַנו, וויין נישט — האָט די באַלעבאָסטע גערעדט צו מיר מיט אַ סך רחמנות.

איך האָב זיך צו איר צוגעווינט. געוווּסט, אַז זי וועט מיר קיין שלעכטס נישט טאָן. האָב איך דערציילט וועגן טאַטעשי, וואָס איז ווייט אַוועק און די מאַמעשי האָט פון אים אפילו קיין בריוו נישט באַקומען. ווי זי אַרבעט שווער אין אַ שניידער־רעסאָרט און וואַשט וועש ביינאַכט. אַז איך בין אַלעמאָל געגאַנגען אין די רייען ברענגען אַלץ אַהיים. אָבער ווער ווייסט, וואָס טוט איצט די מאַמעשי, ווען זי מוז וועגן אַלעמען זאָרגן, אַלץ אַליין איינשאַפן.

ווען איך האָב גענומען דערציילן וועגן אריהלען האָב

איך ווידער אָנגעהויבן וויינען אויפן קול. נישט געקענט זיך איינהאַלטן. ער איז דאָך נישט געווען קראַנק! עס האָט אים נישט געפעלט קיין עסן! מיר האָבן אים אַלץ אָפּ־געגעבן!

די אַלטיטשקע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. עפּעס געמורמלט צו זיך.

— שאַ... שאַ... יוזעק, וויין נישט, ייִנגל, דו וועסט נאָך צו דייניקע צוריקקומען. — פּאַמעלעך און שטיל האָט זי גערעדט. מיטן טיכל געווישט מיר דאָס פּנים. גאָט וועט שטראָפן די אַלע, וואָס פּייניקן אומשולדיקע מענטשן. באַלד וועלן זיי אַליין לויפן איבער די וועגן הונגעריק און באָרוועס! גאָט איז אַ באַרעמהאַרציקער, אַ גערעכטער!

יעדן זונטיק האָט זי מיר געבראַכט אַן עמער וואַסער. ווי גוט איז געווען זיך כאָטש איינמאָל אין דער וואָך אָפּצוואַשן מיט וואַרעם וואַסער! ביים אַוועקגיין האָט זי צו מיר געזאָגט: אַלע דיינע זאַכן לייג אַריין אין עמער. זי האָט מיר געבראַכט אַ דיקן שפּענצער און לאַנגע, וואַ־רעמע הויזן. ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך זיך געוואַשן, זיך איבערגעטאָן און געדאַנקט גאָט, וואָס איך האָב געפונען אַ מענטש, וואָס באַהאַלט מיך אויס און זאָרגט פאַר מיר.



מיט יעדן טאָג איז די קעלט געוואָרן גרעסער. דער ווינט האָט געריסן דעם דאַך. די ברעטער האָבן געסקריפּעט. איך האָב געמיינט, אַז די הילצערנע בודע וועט איינפאַלן. איך האָב אַרויפגעצויגן איבערן קאָפּ די זעק און געציטערט פון קעלט. מאַמעשי, האָב איך צו איר גערעדט אין די פינצטערע נעכט, ווי לאַנג וועל איך דאָ ליגן אין שטרוי און אין מיסט? פאַרוואָס מוז איך זיך פאַר אַלעמען אויס־באַהאַלטן? אוי, וואָס מאַכן די ייִדן, וועלכע לויפן אין די נעכט איבערן דאָרף און קיינער וויל זיי נישט אַריינלאָזן? אפשר טאָר איך זיך נישט באַקלאָגן? אפשר איז דער

מאַמעשי און דער מומע צילאַ ערגער ווי מיר און זיי האָבן נישט וואָס צו עסן ? אָבער איך קאָן שוין מער נישט אויס־האַלטן ! ניין, ניין ! איך וויל אַרויס אויפֿן רעגן אין פֿעלד ! וווהין אַנטלויפֿט מען, וווהין קאָן מען אַנטלויפֿן ? ווו...



אין איינער אַ נאַכט האָט אַ שטאַרקער רעגן גענומען גיסן פֿון דאַך, קלאַפּן אין די ווענט. פֿונדערווייטנס האָב איך געהערט דונערס און פּלוצים, טראַך ! איך בין צוגעפֿאַלן צו דער ערד, דערהערט אַזאַ קנאַל, אַז איך האָב מיר מיט ביידע הענט פֿאַרשטעלט די אויערן. די קאַמער איז אָבער נישט איינגעפֿאַלן. לאַנג האָט געגאָסן דער רעגן און פֿון דאַך איז אַראָפּגערונען וואַסער. איך האָב זיך גערוקט אין דער פֿינצטער פֿון איין ווינקל אין אַנדערן. אין פֿאַס האָב איך נישט געוואָלט אַריינגיין. ווען איך האָב זיך נאָר דער־מאָנט די צייט, ווען איך בין דאָרט געלעגן, האָט זיך מיר אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ און אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן. יעדעס מאָל, ווען עס איז מיך באַפֿאַלן אַ מורא, האָב איך מיר געחזרט די ווערטער פֿון זיידעשי. ער פֿלעגט שטענדיק זאָגן : אַ מענטש מוז האָבן אַ שטאַרקע אמונה ! נסים, גרויסע נסים וועלן נאָך געשען און מירן אויסגע־לייזט ווערן ! איך האָב אים ווידער געזען אין טלית זיצן ביים טיש מיט ספרים. אַלעמאָל זענען זיי געווען אָפֿן. ווו איז איצט דער זיידעשי ?! ער איז דאָך אַלט און קראַנק. ווער וועט אים העלפֿן ? — האָב איך געטראַכט. ווען איך בין איינגעשלאָפֿן, האָב איך אים ווידער געזען אין חלום זיצן מיט די בחורים פֿון הויף אין זיין חדרל. אויך מיט מיר האָט ער געלערנט. איך האָב אָבער שוין פֿון לאַנג אַלץ פֿאַרגעסן.

נאָך אַזאַ נאַכט איז מיר לייכטער געוואָרן צו זיין אין דער פֿינצטערער קאַמער.

זאָלן זיי מיך נאָר לאָזן אויפֿן אָרט, און די מלחמה

וועט זיך אפשר אין איינעם אַ טאָג ענדיקן. אַזוי האָט דאָך שטענדיק גערעדט דער זיידעשי.

★

איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן, ווען איך האָב איינמאָל מיטאָג־צייט, ווען עס איז נאָך געווען ליכטיק, דערהערט, ווי עמעצער רוקט אַוועק דעם ריגל. וואָס קאָן דאָס זיין? אָבער, גאָט צו דאַנקען, עס איז אַריין די באַ־לעבאָסטע און איך האָב זיך גלייך באַרואיקט.

זי איז אָבער געווען שטאַרק צעטומלט און האָט גע־רעדט זייער גיך:

— יוזעק! לויף שנעל, באַהאַלטן זיך אין מיסט־באַרג ביים שטאַל. דער דאַך איז צעבראָכן. באַלד וועלן קומען שכנים אים פאַרי׳כטן. דאָס גאַנצע דאָרף איז פאַרגאָסן, אנו, נעם דאָס ברויט און לויף!

זי האָט אויפגעמאַכט אַ טירל פון אַ זייט און איך האָב זיך אַרויסגעשאַרט אויפן הויף. דערזען אַ באַרג פון מיסט, מיט ברעטער אָנגעלייגטע אין אַ זייט, שפּענער און קלע־צער. מיטאַמאָל האָב איך דערזען צווישן די ברעטער אַ פּאָר אויגן. דערהערט, ווי עמעצער רופט מיך: קום, יינגל... רוק זיך אַריין אין מיסט... האָב נישט מורא... דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. איך האָב דערזען דעם זעלבן ייד מיטן יינגל, וואָס האָבן זיך אַמאָל אַריינ־געכאַפּט אין קאַמער. שטיל האָב איך זיך נעבן זיי אַוועק־געזעצט.

— ביסט נאָך אַלץ אין קאַמער? — האָט דאָס יינגל געפרעגט מיט אַ ציטערדי׳ק קול. סאַראַ גליק צו ליגן אויף אַ זיכער אָרט! מיר... מיר... ליגן דאָ די גאַנצע צייט אין מיסט... פאַרוואָס האָט דיך די פויערטע אַרויסגעטריבן?...

— שווייג, יאָסעלע... מען טאָר נישט רעדן. זיי קאָנען נאָך חלילה דערהערן... — האָט דער ייד זיך שטיל אָפּגערופן.
— באַלד וועט מען גיין אין וואַלד... זאָל נאָר אַביסל פינצ־טער ווערן.

ער האָט געערעדט פּאַמעלעך, יעדעס וואָרט באַזונדער און האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן צי עמעצער הערט נישט.

איך בין געזעסן צווישן די קלעצער און געזען אַ סך פּויערים גיין איבער די בלאָטעס. זיי זענען געבליבן שטיין ביי דער קאַמער. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז זיי זע־נען געקומען פאַריכטן דעם דאַך.

— שוין מוז מען אַוועק פון דאַנען, — האָט דער ייד גענומען רעדן מיט אַ ציטערדיקער שטים — פּויערים גייען שטענדיק מיט זייערע הינט. זיי קאָנען חלילה אונדז אויסשפּירן.



שטיל און פּאַמעלעך האָבן מיר זיך אַרויסגערוקט פון דער באַהעלטעניש צווישן די קלעצער, אַדורכגעשאַרט זיך אַרום דעם גרויסן מיסט־באַרג ביי דער שטאַל. די ערד איז געווען צעווייקט. איך האָב קוים געקענט אַריבערגיין די בלאָטעס. דער רעגן האָט ווידער אָנגעהויבן גיסן און איך האָב געציטערט פאַר קעלט, כאָטש די גוטע באַלעבאָסטע האָט מיר געגעבן אַן אַלטן דיקן שפּענצער. ערגער איז גע־ווען מיטן ייִנגל. ער האָט נישט געקענט גיין אין די גרויסע קאַמאַשן. אַלעמאָל זענען זיי אים אַראָפּגעפאַלן פון די פיס. איבער ראָוון מיט וואַסער זענען מיר געגאַנגען. פאַר גרויס שו'עק אפילו זיך נישט אומגעקוקט. אויסגעמיטן די הייזער, די הינט זאָלן חלילה נישט אָנהויבן בילן. ווייל אין אַ דאָרף, ווען איין הונט הויבט אָן צו בילן, נעמען אויך אַנדערע בילן און דאָס האָט דאָך געקאָנט ברענגען אויף אונדז אַן אומגליק!

איך האָב געזען, אַז דער ייד קען דאָס גאַנצע דאָרף. ער קען אַלע וועגן איבער די פעלדער און ער האָט אונדז צוגעפירט צו אַ וואַלד.

אַרום איז געווען פינצטער און שטיל. איך בין שטיין געבליבן ביים וואַלד און מורא געהאַט אַריינצוגיין.

נישט ווייט פון דאַנען איז אַ באַהעלטעניש... אין אַ גרוב... — האָט דער ייִד שטיל גערעדט.. — דאָרט קאָן אונדז קיינער נישט געפינען. — ער האָט אָנגענומען יאָ־סעלען מיט איין האַנט און מיך מיט דער צווייטער, און פּאַמעלעך זענען מיר אַריין צווישן די ביימער. אַ גלייכער אויסגעטרעטענער וועג האָט געפירט טיפער אין וואַלד אריין. פון די צווייגן איז אַראָפּגערונען ס׳וואַסער. דער ייִד איז אָבער געגאַנגען מיט אַ זיכערן טראָט פאָראויס, האָט מיט די הענט אַוועקגעשאַרט די צווייגן און געפירט אונדז ביידע.

ביי אַ ברייט־צעוואָקסענעם בוים האָט דער ייִד זיך אָפּגעשטעלט, אַראָפּגעבויגן זיך צו דער ערד, געשאַרט עפּעס מיט די הענט אין דער פינצטער, דערנאָך אַוועקגענומען אַ ברעט. ער איז אַריינגעקראָכן אין אַ גרוב און מיך מיט יאָסעלען אַראָפּגעשלעפּט. אַ צאָן האָט מיר געקלאַפּט אין אַ צאָן פאַר קעלט און פאַר שרעק. דער ייִד האָט אָנגע־צונדן אַ שוועבעלע און אַריינגעלייגט אין אַ טאָפּ מיט שפּענער. אויף אַ מינוט איז ליכטיק געוואָרן, אָבער גלייך האָט דער ווינט פאַרלאָשן דאָס פלעמל. האָט דער ייִד ווידער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, און דאָס מאָל האָט זיך צעצונדן אַ פייערל. איך האָב דערזען אין דעם ראָוו ברע־טער, דעקעס, מלבושים, טעפּלעך און טעלער.

— גאָט צו דאַנקען, אַריבערגעקומען דעם וועג — האָט יאָסעלעס פאָטער אָפּגעאָטעמט — באַלד וועלן זיין געבאַקענע קאַרטאָפל. זאָל נאָר דאָס האָלץ זיך צעברענען.

פון די טאַשן האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאָר מערלעך און געגעבן אונדז צו עסן.

— עסט, יאָסעלע, חיימל... באַלד וועט מען זיך דער־וואַרעמען — האָט ער אונדז געמונטערט.

פון טאָפּ איז אָבער געגאַנגען אַ רויך. דאָס האָלץ איז געווען נאַס, קוים זיך געברענט. איך האָב גענומען הוסטן, דער אָטעם איז ביי מיר פאַרקלעמט געוואָרן. איך האָב בכיוון גענומען קייען דאָס ברויט, וואָס איך האָב געהאַט

באַהאַלטן אין טאַש פון שפּענצער, אָפּגעבראָכן אַ שטיק פּאַר יאָסעלען. ער האָט דאָס ברויט נישט געגעסן, נאָר געשלונגען. באַלד האָט ער זיך אָוועקגעלייגט אויפן ברעט, אַראָפּגעצויגן די פאַרבלאָטיקטע קאַמאַשן, זיך איינגעוויקלט אין אַ דעקע און איז איינגעשלאָפן.

זיין טאַטע האָט אים גערופן, זיך געבעטן ביי אים:

— יאָסעלע... שלאָף נישט... באַלד וועט זיין אַ הייסער קאַרטאָפל... מ׳דאַרף זאָגן „קריאת שמע״, שלאָף נישט.

דאָס יינגל האָט אָבער גאָרנישט געהערט.



איך האָב נישט געקאָנט איינשלאָפן. די ביימער האָבן גערוישט. דער ווינט האָט געבראָכן די צווייגן. פול מיט שרעק האָב איך אַרויסגעקוקט פונעם ראָוו אין דער פינצ־טערניש. דער ייד האָט מיר געגעבן אַ לאַנגן בגד. איך האָב אים אָנגעטאָן אויפן שפּענצער און נישט געקענט זיך דערוואַרעמען. עס האָט מיר געצומען שטעכן אין די זייטן און אין דער פּלייצע, דער קאָפּ האָט געגליט און איך האָב שוין געוווסט, אַז ווידער האָט זיך אַ קראַנקהייט צו מיר צוגעטשעפּעט. די ביימער זענען פאַר מיינע אויגן וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן. מיטאַמאָל האָט זיך מיר אויסגע־וויזן, אַז דאָס זענען מענטשן, אַ סך מענטשן! באַלד וועלן זיי קומען און אונדז כאַפּן!

— מ׳גייט... אָט דאָ... זענען זיי שוין! — האָב איך גערעדט פול מיט שרעק.

— קיינער איז דאָ שוין נישטאָ — האָט דער מענטש מיך באַרואיקט. — האָב קיין מורא נישט, חיימל. — זיין קול איז געווען דערשטיקט, ווי ער וואָלט געכליפּעט.

— אַ סך יידן זענען דאָ געווען. אפילו אַ משפּחה מיט קינדער. נאָר די פּויערים האָבן זיי פאַרטריבן! וויי, וויי, — האָט דער ייד שווער געזיפצט. געבלאָזן אין פּייער פון טאָפּ און אָן כוח גערעדט:

— אוי, די אַסטמע, די אַסטמע...

— און ווו זענען זיי אַלע? וואָס איז מיט זיי גע־וואָרן? — האָב איך דעם מענטש אויסגעפרעגט. אַ רחמנות האָט מיך אַרומגענומען אויף די פּאַריאָגטע פון וואַלד. פּאַרוואָס האָט מען זיי אפילו אין די ראָוון נישט גע־לאָזט ליגן?

— זיי זענען זיך צעלאָפן, חיימל, ווער קאָן דאָס וויסן ווו? — האָט ער ציטערדיק גערעדט. — די דעקעס און די זאַכן איבערגעלאָזט. אפילו די טאָרבעלעך מיט זאַלץ און מיט קאַשע! אוי, רבונו של עולם, גאָט אין הימל! — האָט ער מיטאַמאָל אויסגעשריגן און גלייך אָפּגעהאַקט. שטיל געבליבן. פּאַמעלעך געבלאָזן דאָס פייער.

— אַ נס איז מיט אונדז געשען, חיימל, אַ נס — האָט ער טרויעריק אָנגעהויבן דערציילן, — אַ פּאַסטעכל האָט אונדז אָפּגעראַטעוועט. געוויזן אַ באַהעלטעניש אין מיסט־באַרג. דאָרט גייט קיינער נישט צו! יעדן טאָג ברענגט ער אונדז אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ פּאָר שוועבעלעך. אפשר... אפשר — האָט ער גאָר שטיל אַרויסגערעדט — איז דאָס אַ יידיש קינד... פּאַרשטעלט פּאַר אַ פּאַסטעך! ער... ער... זאָגט אַלעמאָל, אַז ער קען אַ באַלעבאָס, וואָס דאַרף האָבן אַזאַ ייִנגל... אָבער, חס וחלילה! — האָט ער הויך אויסגע־רופן. — די שקצים קאָנען אים נאָך דערהרגענען!

ער האָט געריבן די הענט, געטופּעט מיט די פיס. אויך אים איז זייער קאַלט געוועז.



איך האָב זיך צוגעהערט צו די רייד פון דעם ייד, געזען נעבן זיך יאָסעלען ליגן אויפן ברעט איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, און נאָך אַלץ נישט באַנומען ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז איך בין מיט זיי צוזאַמען ביינאַכט דאָ, אין וואַלד.

עס האָט מיך געמאַטערט איין געדאַנק: פּאַרוואָס האָבן מיר נישט קיין אָרט אויף דער וועלט? פּאַרוואָס טרייבן אונדז אַלע? פּאַרוואָס מוזן מיר אויסשטיין אַזויפיל צרות?

ליגנדיק איינגעהילט אין אַ לאַנגן מאַנטל, וואָס איז געווען אין דער גרוב, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען ווי גוט איז מיר געווען אין דער קאַמער אין דאָרף. די באַלע־באָסטע האָט מיר יעדן פאַרנאַכט געבראַכט אַ קענדל טיי פון בלעטער אַזעלכע, וואָס שמעקן אָנגענעם און האָבן אַוועקגענומען די זויערקייט פון מויל. וואַרעם און גוט פלעגט מיר ווערן יעדעס מאָל ווען איך פלעג דאָס קענדל אויסליידיקן. מאַנכעס מאָל פלעגט זי מיר ברענגען אַביסל הייסע מילך. אַן עמער וואַסער זיך אַרומצווואַשן, פלעגט זי מיר ברענגען יעדע וואָך. און דאָ ליג איך אין אַ גרוב, אויסגעשמירט מיט בלאָטע! וואָס וועט זיין מאָרגן?! צי דאַרפן מיר דאָ בלייבן ליגן? צי וועל איך שוין נישט קענען צוריקגיין אויף מיין אָרט, ווו איך בין געווען אויס־באַהאַלטן פון זומער? איך האָב נישט געקענט איינשלאָפן. דערמאָנט די היים אין לאָדזש און אָנגעהויבן צווייפלען צי איז עס אויף אַן אמת אַמאָל געווען ביי אונדז אַן אייגן הויז מיט אַ סך שטובן, מיט אַזויפיל שיינע זאַכן פאַר יעדן. אוי, מאַמעשי, האָב איך אין האַרץ גערעדט צו איר, ווו ביזטו איצטער, וואָס וואָלסטו געזאָגט ווען דו ווייסט, ווי איך וואַלגער זיך אַרום אַן אַ היים צווישן פרעמדע? מיט־אַמאָל איז פאַר מיינע אויגן אויסגעוואָקסן די באָבע דבור־רהלע. ווי גוט איז איר, וואָס זי ליגט אין אַ ריין בעט אין שפּיטאָל און דאָקטוירים גייען אַרום נעבן איר! וועגן מילעקן האָב איך אַלעמאָל געטראַכט מיט פחד. וואָס איז מיט אים געוואָרן? צי האָבן אים די דייטשן געכאַפּט, צי איז ער צוריקגעלאָפן אין געטאָ? אַ סך מאָל איז ער דאָך אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ און צוריקגעקומען! ער איז דאָך געווען אַנדערש פון אַלע יינגלעך!

— נעם אַ קאַרטאָפל... עס... דערוואַרעם זיך, — האָט שטיל געזאָגט צו מיר דער מענטש, — מאָרגן, אם ירצה השם, קאָנען מיר אויסגעלייזט ווערן. שלאָף נישט... — פאַמעלעך האָט ער אָפּגעשיילט די קאַרטאָפל פון שאָלעכץ און דערנאָך געוועקט יאָסעלען. דער האָט אָבער גאָרנישט

געהערט. האָט ער אַליין אָפּגעגעסן, לאַנג געברומט אַ שטילן ניגון, געבענטשט.

דערנאָך האָט ער זיך צוגערוקט צום ברעט ווו זיין יינגל איז געלעגן, אַרומגענומען אים, זיך איינגעוויקלט אין דער דעקע און איז איינגעשלאָפן שווער סאָפּענדיק.

דאָס קליינע פלעמל פון טאָפּ האָט זיך פּאַמעלעך גע־לאָשן. איך האָב געקוקט אויף דעם פּאָטער און זון און געטראַכט וועגן מיין טאַטעשי. ווו קאָן ער איצט זיין? ער איז געלאָפן צו דער רוסישער גרענעץ, אָבער אפשר איז ער אויך ביי די דייטשן? ווער ווייסט צי האָט ער אַן אָרט ווו ער קאָן זיך אויסבאַהאַלטן?

★

אינדערפרי האָט מיך אויפגעוועקט יאָסעלע. געגעבן אַ טעפּל וואַסער צום וואַשן זיך.

— דער טאַטעשי האָט געברענגט וואַסער פון אַ ראָוו. באַלד קומט ער... ער זוכט שפּענער...

איך האָב זיך קוים אויפגעשטעלט. דער קאָפּ האָט מיר וויי געטאָן. פאַר די אויגן איז עפּעס אַ נעפּל געהאָנ־גען. ווו בין איך, ווען זענען מיר דאָ געקומען? — האָב איך אים אויסגעפרעגט, ווי אַלץ וואָס איז פריער פאָרגע־קומען וואָלט מיר אַוועק פון זכרון. זיי ביידע האָבן מיך אַרויסגעשלעפּט פון ראָוו. איך געדענק, אַז עס האָט ווי־דער גערעגנט און אַ ווינט האָט געיאָגט איבערן וואַלד. שטיל האָבן מיר זיך גערוקט צווישן די ביימער, דערנאָך איבער די פעלדער, ווייט פון די פויערישע כאַטעס — און פלוצים האָב איך ווידער דערזען דעם מיסט־באַרג נעבן דער שטאַל. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די קלעצער און דער מענטש האָט אַרויסגענומען פון די טאַשן געבאַ־קענע קאַרטאָפל, צעטיילט זיי פאַר אונדז ביידע.

— שאַ... שאַ... — האָט ער שטיל גערעדט צו אונדז — מען דאַרף קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן...

איך האָב געהאַלטן דעם וואַרעמען קאַרטאָפל אין האַנט,

אָבער עסן האָב איך נישט געקענט. זאָלן זיי מיך כאַפּן, האָב איך געטראַכט. סיי ווי האָב איך שוין מער נישט קיין כוח.



ווער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער קאַמער? גע־לייגט נאַסע טיכער אויפן קאָפּ? ווי לאַנג בין איך דאָרט געלעגן?

אין איינעם אַ טאָג איז אַריינגעקומען די באַלעבאָסטע, ווי זי וואָלט דאָס אַ סך מאָל געטאָן, גענומען מיך אַרום־וואַשן מיט אַ טיכל, געגעבן אַ הייס געקעכץ אָפּצועסן און געזאָגט:

— קום, יוזעק... אַ גוטער מענטש וועט דיך צונעמען... גיי מיט אים...

איך האָב זיך אויפגעשטעלט פון שטרוי, ווי פון אַ לאַנגן חלום אויפגעוועקט. זי האָט מיר געגעבן אַ טאָר־בעלע אין דער האַנט. אָנגעטאָן אַ היטל אויפן קאָפּ, אַרויס־געפירט פון דער קאַמער.

איך האָב נישט געקאָנט פאַרטראָגן די ליכטיקייט פון טאָג. איך האָב דערזען פאַר זיך אַן אַלטן פויער מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע און אַ שטעקן אין דער האַנט.

— דאָס איז ער... יוזעק... אַן אָרעמער יתום... — האָט געזאָגט די אַלטע פרוי און איר שטים האָט געציטערט. — קריסטלעכע מענטשן וועלן שוין אַרויסהעלפן מיט אַ גע־לעגער... אַביסל עסן. גייט מיט גאָט...

אין זיין זאַק האָט זי אַריינגעלייגט אַ ברויט, אַ שטיק געריכערט פלייש. שנעל און מיט מורא האָט זי גערעדט:

— אַ שיינער טאָג איז היינט, גייט אייך געזונטערהייט...

איך געדענק נישט וואָס איך האָב געזאָגט דער גוטער קריסטין ביים אַוועקגיין. אין קאָפּ האָט זיך מיר געמישט.

דער זקן האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און גע־זאָגט מיט האַרץ:

— פיר מיך, זון, מיינע אויגן זעען שוין גאָרנישט.



דאָס איז געווען אַן אַלטער בעטלער. ער האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און מיר זענען פּאַמעלעך אַרויס אויפן וועג.

טראָץ זיינע אָפּגעריסענע בגדים מיטן זאַק אויף דער פּלייצע, איז ער געווען אַ פריילעכער מענטש. ווי ער וואָלט מיך געקענט שוין פון לאַנג, האָט ער גערעדט צו מיר, דער־ציילט וואָס עס הערט זיך אין די דערפער, ווי די פּויערים האָבן שוין אַלץ אויפגעגעסן פון די שפּייכלער'ס און זיי ציילן די קאַרטאָפל אין טאָפּ אַריין. די בעסטע בהמות האָבן די „שוואַבעס״ אַרויסגעפירט מיט זייערע אויטאָס. אָבער אין די שטעט איז נאָך ערגער. דאָרט, האָט ער פּאַמעלעך און טרויעריק געצויגן זיין שטים, איז גאָטס צאָרן אויס־געגאָסן געוואָרן. אַ ביסן וועט שוין קיינער נישט געבן אַזעלכן, וואָס גייט איבער די הייזער.

מיך האָט ער אַן אויפהער געלערנט:

— געדענק, אַז אַזאַ יינגל ווי דו דאַרף זיך מאַכן נאַ־ריש, תמעוואַטע, הייסט איז אַ צייט, וואָס נאָר די נאַראָנים איז גוט. דו רעד נאָר גאָרנישט. ווען איך וועל צוגיין צו אַ כאַטע, זאָלסטו אַראָפּנעמען דאָס היטל, שטעל זיך אַוועק אויף דער שוועל און וואַרט געדולדיק. אויף אַ יתום האָט מען נאָך אין דאַרף רחמנות. זיי וועלן שוין עפּעס אַריינלייגן אין היטל.

איך האָב זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט. עפּעס ווי אַ ניי לעבן וואָלט פאַר מיר אויפגעקומען. איך גיי איבער אַ וועג מיט מענטשן צוגלייך! אָן פּחד! איך האָב זיך געוווּנדערט: ווי אַזוי איז די שרעק אָפּגעטראָטן פון מיר? איך האָב נישט געוווּסט וואָס איז מיט מיר פּלוצים געשען, אַז איך האָב נישט מער קיין מורא פאַר קיינעם! עס זענען פאַרבייגעגאַנגען פּוי־

ערים. קיינער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, נישט געפרעגט ווער איך בין.

דער אָרעמאַן האָט זיך פאַר יעדן פאַרנייגט, באַגריסט מיט פרומע ווערטער, מיט תפילות, און איז ווייטער גע־גאַנגען איבער דעם וועג. און איך האָב נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרשטיין, אַז מיט מיר איז אַזאַ נס געשען! איך קאָן פריי ארומגיין איבערן וועג, ווי יעדער אַנדערער! ביים אָנהויב בין איך געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דערנאָך האָב איך פּאַמעלעך אָנגעהויבן זיך ארומקוקן אויף די פעלדער.

אַרום דעם לאַנגן וועג זענען געשטאַנען פאַרזונקען אין שלאָף די פויערישע כאַטעס, די ביימער זענען געווען ווי אָפּגעדאַרטע, אָן בלעטער. אָבער עס האָט שוין געשמעקט אין דער לופט דער ריח פון פרילינג. איך האָב געאָטעמט מיט דער ריינער פרישער לופט און געפילט, אַז איך באקום נייע כוחות. איז דאָס טאַקע דער דאָרף, ווו איך בין געלעגן אויסבאַהאַלטן אין פינצטערן שייער? און אפשר בין איך גאָר געווען אין אַ קאַמער?

ערשט איצט, גייענדיק איבערן ליכטיקן, פרייען וועג האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס איך האָב די גאַנצע צייט געהאט אַזאַ קאָפּ־ווייטיק. עס האָט מיר געפעלט לופט און די שרעק האָט מיך שטענדיק געפייניקט. ווי איך האָב נאָר דערהערט עפּעס אַ רעש, האָב איך זיך באַלד באַהאַלטן אין שטרוי. פּאַמעלעך האָב איך געפירט דעם בעטלער. אָפּגעהיט אים, ער זאָל נישט ארייַן אין די בלאָטעס, און נישט אין די וואַסערן און קאַלוזשעס איבערן וועג. מיר איז נישט אָנגע־גאנגען, וואָס מיינע שיך זענען געווען פול מיט וואַסער, און עס האָט מיך נישט געאַרט דער קאַלטער ווינט.

די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געלעגן אין קאַמער, בין איך געווען ווי אַ קראַנקער, איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין נישט קענען אַרומגיין אויף מיינע פיס. און אָט גיי איך ווידער אַרום! די פיס זענען טאַקע שוואַך, און איך בין שוין

אָפּגעווינט צו גיין אַ לאַנגע צייט, אָבער איך פיר דעם אַלטן און גיי ווייטער.

מיטאמאָל האָב איך מיך דערמאָנט אין יאָסעלען און אין זיין פאָטער, וועלכער האָט מורא געהאַט אַ וואָרט ארויס־צורעדן. ווער ווייסט וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט? פאַרוואָס דאַרפן זיי מיטמאַכן אַזויפיל צרות?

דער בעטלער האָט ארויסגענומען פון זיין זאַק אַ שטיק ברויט. מיט אַ מעסערל האָט ער אָפּגעשניטן אַ שטיקל פאַר מיר און געזאָגט:

— אין יעדער צרה דאַרף אַ מענטש זיין שטאַרק. אויב דו וועסט האָבן כוח, וועסטו אַלץ איבערטראָגן. יונג ביסטו און די אויגן דינען דיר, אָבער איך... איך?

ער האָט שטאַרק געזיפצט און דערנאָך ווייטער גע־רעדט: — מיינע כוחות פאַרלאָזן מיך. גאָטס האַנט האָט מיר דיך צוגעשיקט! דו וועסט מיך אומעטום פירן, נישט איבער־לאָזן אליין. דאָרט, ביים סוף פון וועג וווינט אַ באַלעבאָס מיט אַ סך רחמנות פאַר אַן אָרעמען מענטשן. ער וועט נישט זשאַלעווען אַביסל עסן. פּאַמעלעך, ייִנגל, פּאַמעלעך, וועלן מיר צוגיין צו אים. שוין נישט ווייט. אפשר נאָך אַ קילאָמע־טער, און אפשר צוויי...

דער אָרעמאַן האָט טאַקע נישט געקענט ווייטער גיין. אַוועקגעזעצט זיך אויף אַן איינגעפאַלענעם בוים און שווער געסאָפּעט, און זיצנדיק אזוי איז ער איינגעשלאָפן. איך בין געזעסן נעבן אים און זיך ארומגעקוקט איבערן דאָרף. שקצים האָבן געטריבן בהימות צו די פּאַשע־פעלדער. אָבער דאָס זענען נישט געווען די גרויסע קי מיט די קעלבלעך, וואָס איך האָב געזען אין דאָרף, ווען מיר זענען געפאָרן אויף זומער־לופט. די קי זענען געווען אָפּגעמאָגערטע, זיי זענען געגאַנגען פּאַמעלעך איבער די וואַסערן, צוגעדעקט מיט זעק. די פּאַסטעכער זענען אויך נישט געווען ווי אַמאָל, פריילעכע שקצים אין דאָרף. אין אָפּגעריסענע בגדים און כמעט באָרוועס זענען זיי נאָכגעגאַנגען די בהימות.

קיין דייטש האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען. עס איז

געווען שטיל און רואיק. איך האָב אויפגעמאַכט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט אויף דער וועלט. ווי לאַנג בין איך שוין נישט געזעסן אונטער אַ בוים אויף אַ פעלד!... ווען דער זקן האָט זיך אויפגעכאפט פון שלאָף, האָט ער זיך מיט שרעק איבערגעצלמט.

— קום, קום ווייטער! — האָט ער מיך גענומען שלעפן פאר דער האַנט. אָט קאָן אונטערקומען אַ פאָליציאַנט, פרעגן אויף פאַפירן. איצט זוכט מען ביי אַלע דאָקומענטן! אזוי האָבן באפוילן די דייטשן, אַ שלאַק זאָל זיי טרעפן! — האָט ער אָנגעהויבן זידלען מיט בייזקייט. בעסער צוגיין צו אַ הויף, אריין אין אַ שטאַל, אָדער אין אַ חזרים־קאַמער — האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין.

עפעס האָט ער זיך אָנגעהויבן איילן, פלוצים אָנגע־הויבן גיין מיט גרויסע טריט, שנעל פאַראויס. מיך האָט ער געהאַלטן פעסט ביי דער האַנט, ווי איך וואָלט געווען זיין באַשיצער.

ווי נאָר מיר זענען צוגעקומען צום סוף פון וועג און געשטעלט זיך ביים טירל פון פלויט, האָט דער באַלעבאָס באַלד אויפגעמאַכט דאָס טויער און אונדז אריינגעלאָזט. מן הסתם אַ קרוב, האָב איך מיר געטראַכט. איך בין געבליבן שטיין ביי דער טיר פון דער כאַטע, מיטן היטל אין דער האַנט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער באַלעבאָס האָט אַרויסגעטראָגן אַ בלעכערנע שיסל מיט קרויט־באָרשט און קלויסקעס, אַוועקגעשטעלט אויף דער באַנק און גע־הייסן גיך אָפעסן. אַ הייסע פאַרע איז געגאַנגען פון דעם שמעקעדיקן געקעכץ. איך האָב שוין לאַנג אזא גוט עסן נישט געגעסן.

מיטאמאָל האָט אָנגעהויבן רעגענען. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט צום זקן:

— אָן עבירה גאָטס באשעפעניש אין אַזאַ וועטער ארויסצולאָזן. ביז מאָרגן פאַרבלייבט שוין דאָ אין שטאַל.

אויף דעם גרויסן הויף האָב איך נישט געזען די באַ־

לעבאָסטע. קיינער איז נישט אַרויס פון שטוב, ווי זיי וואָלטן זיך געהיט פון פרעמדע.

דער פויער האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסער שטאַל, צוגעפירט צו אַ הויכן סטויג שטרוי, אין א ווינקל. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט נעבן בעטלער און שטיל אויסגעפרעגט:

— דערציייל, זיידע, וואָס הערט זיך מיט דער מלחמה? וואָס רעדן מענטשן? וווּ זענען זיי, די אַמעריקאַנער, די ענגלענדער?

— פסססט... האָט דער בעטלער א צייכן געגעבן מיטן פינגער, ווי ער וואָלט פאַר זיך אַליין מורא געהאַט.

דער זקן האָט זיך נענטער צוגערוקט צום באַלעבאָס און איך האָב געהערט, ווי ער שעפּטשעט:

— די רוסן האָבן זיי צעקלאַפּט די אַרמיי... צעהרגעט די זעלנער...

— וווּ, ווען!? — האָט דער פויער נייגעריק גענומען אויספרעגן.

— אין... אין סטאַלינגראַד... אַ סך זעלנער גענומען אין געפאַנגענשאַפט. פאַרשפּילט האָבן זיי, פאַרשפּילט! — האָט ער שווער געסאָפּעט, ווי דאָס שטילע רעדן וואָלט אים מיד געמאַכט.

— וווּ איז דאָס די שטאָט? — האָט געזיפצט דער באַ־לעבאָס, מס־הסתם ווייט אין רוסלאַנד. אָבער דאָ, ביי אונדז, איז ער נאָך שטאַרק... האָט אַ סך קראַפט!

זייביידע האָבן זיך געסודעט, געוווּנטשן וואָס גיכער צו זען „זייער" סוף אויפן אָרט. — באָזשע מוי, באָזשע מוי, באַוויז דיין גערעכטיקייט, „זיי" זאָלן וואָס גיכער זיך אָפּ־טראָגן פון דאַנען — האָבן זיי ביידע שוין הויך גערעדט.

— מאָרגן, זיידע, גייט צו צום גלח... דערציילט אים אַלץ... — האָט דער פויער אָנגעהויבן רעדן מיט אַן אַנדע־רער שטים... אפשר וועט ער אייך לאָזן בלייבן אין קאָש־טשיאָל, איבערוואַרטן ביז...

— צום גלח? — האָט דער בעטלער איבערגעפרעגט

אַן איבעראשטער. — יאָ, דער גלח — וועט מיך אפשר לאָזן זיך אַוועקלייגן אויף דער באנק, — האָט ער אליין געענט־פערט, ווי ער וואָלט שוין זיין מקום מנוחה געפונען. — ער וועט שוין לאָזן זיך אויסרוען, ביז... ביז...

איך האָב זיך צוגעהערט צו זייערע רייד פון דער־ווייטנס. ער האָט דאָך מיר באַלד אין אָנפאַנג געזאָגט, אַז איך זאָל גאָרנישט רעדן, גאָרנישט פרעגן, נישט פאַרשטיין. איך האָב שוין אָבער יאָ פאַרשטאַנען, אַז עס גייט שוין צו גוטע טעג, אַז די דייטשן האָבן געליטן אַ מפלה. און איך האָב זיך דערמאָנט די ווערטער פון יאָסעלעס טאָטן:

— די ישועה קאָן קומען צו יעדער רגע.



אַזאַ גוט, וואַרעם געלעגער, ווי איך האָב געקריגן אין שטאַל האָב איך שוין לאַנג נישט געהאַט. ווי נאָר עס איז פינצטער געוואָרן, האָט דער באַלעבאָס אַריינגעבראַכט אַ טאָפּ הייסע קאַשע. מיר האָבן זיך אָנגעגעסן צו דער זעט און געלייגט זיך שלאָפן אויפן שטרוי, צוגעדעקט מיט אַ וואַרעמער פּערענע. ווי גוט איז מיר געווען די נאַכט! דער בעטלער האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף מיין פּלייצע, ווי ער וואָלט מיך אַרומגענומען, און געזאָגט „א גוטע נאכט, מיין זון"! כאָטש אַ בעטלער, איז ער אַן איידעלער מענטש... אפשר איז ער נישט אַלעמאָל געווען אַזאַ אָפּגעריסענער אָרעמאַן, האָב איך מיר געטראַכט.

אונטער דער וואַרעמער פּערענע האָב איך פון אַלץ פאַרגעסן. פון דער פינצטערער קאַמער, פון וואַלד. וואָס איז מיט מיר געשען, אַז איך האָב פאַרגעסן ווער איך בין און וואָס איך בין? איך האָב אויסגעצויגן די פיס אונטער דער דיקער פּערענע און בין איינגעשלאָפן רואיק, אָן מורא. קיינער וועט מיך נישט טרייבן, נישט פאַרשיקן!



שוין פון לאַנג האָט געטאָגט, ווען דער באַלעבאָס האָט

אויפגעמאַכט די שטאַל. איך האָב זיך באַלד אויפגעכאַפּט, ווי נאָר אַביסל ליכטיקייט איז אַריינגעקומען. איך בין ארויס פון אונטער דער פערענע און געגומען זיך אָנטאָן. דער זקן האָט אָבער שווער געדעכעט. עס האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון וואַרעמען געלעגער, צוזאַמענגענומען זיינע בגדים און אַרומגעוואַשן זיך ביי דער פּלומפּ.

— אַ ליכטיקער טאָג היינט, אַט שיינט שוין די זון און וואַרעמט, אַ גוטער סימן! — האָט ער אונטערגעזונגען אַ צופרידענער. אויך ביי אים איז די נאַכט געווען ווי אַ חלום, וואָס האָט אים אַריינגעפירט אין אַן אַנדער וועלט.

דער באַלעבאָס האָט אים געגעבן אַ פּאָר פּלעצלעך און אויפגעמאַכט דאָס טויער. אויף מיר האָט ער זיך נישט אומגעקוקט, נישט אויסגעפרעגט. אריינגעלייגט אין היטל אַ פּלעצל און געזאָגט: — גייט געזונטערהייט.

— גאָט וועט באַצאָלן — האָט דער אָרעמאַן געבענטשט אים און זיין הויזגעזינד.

וווהין גייט ער איצט? — האָט איך אָנגעהויבן אריינצוטראַכטן. — וויל ער טאַקע צוגיין צום קאָשטשיאָל? צום גלח? ער וועט דאָך מיך באַלד דערקענען! איך... איך קען דאָך נישט זייערע תפילות, נישט זייער פּירעכץ. וואָס וועט איצט זיין, רבונו של עולם, וואָס וועל איך טאָן? ווו זאָל איך גיין?

אויפן וועג זענען געגאַנגען שקצים. איינער מיט אַ פערד און אַ לאָשעקל. נאָך אים האָט אַ צווייטער געפירט ביי אַ שטריק אַ קו.

מיטאַמאָל איז מיין האַרץ פּאַרציטערט געוואָרן. די פיס זענען געוואָרן ווי אונטערגעבראָכן. דער פּאַסטעך האָט זיך אויסגעדרייט און איך האָב שיעור נישט אויסגעשריגן:

— מילעק! — ווי אזוי קומסטו דאָ אַהער!? דו לעבסט! מי...

אונדזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. מיר האָבן געקוקט

אויף זיך איבערראשט און זיך נישט אָנגערופן אַפילו מיט אַ וואָרט.

מילעק איז שטיין געבליבן, דאָס מויל אויפגעמאַכט פאַר גרויס פאַרוואונדערונג. געקוקט און געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט זיינע אויגן נישט געגלויבט. דערנאָך איז ער קלאַפנדיק מיט זיינע הילצערנע טרעטערס צוגעגאַנגען צום בעטלער און געזאָגט מיט אַ מאָדנער שטים:

— גוט מאָרגן זיידע! זאָגט נאָר, צי וועט היינט זיין אַ רעגן... — דערביי האָט מילעק געוווּנקען צו מיר מיט אויס־געגלאָצטע אויגן, דאָס פּנים בלייך ווי קרייד.

— וואָס סאַראַ רעגן ווידער — לאַכט דער בעטלער. — זעסט נישט, אַז די זון גייט אויף? וועט שוין גוט זיין פאַר די מענטשן, און די חיות האָבן אויך ליב אַרויסצוקוקן אויף דער ליכטיקער וועלט!

— ...איז קומט זיידע, מיט אייער זון אויף דער לאָנקע. איך האָב דאָרט אַוועקגעלייגט אַ ברעט צום זיצן... ווילט איר אַ טרונק? — האָט ער געפרעגט שוין רואיק, ווי ער וואָלט געווען מיט אים היימיש באַקאַנט, ווי מיט אַלע אין דאָרף. מילעק האָט פון זיין ברויט־טאַש אַרויסגעצויגן אַ קענדל און דערלאַנגט דעם זקן.

— א יתום איז דאָס... א שטומער, נעבעך — האָט דער זקן געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף מיר. אַ צערודערטער האָט ער גענומען רעדן צו מילעקן:

— איך ווייס נישט וואָס איז מיט אים היינט! די הענט ציטערן אים, ער האָט היץ. קראַנק איז ער מיר געוואָרן! קראַנק! — האָט ער הויך אויפן קול מיך געזשאַלעוועט.

און אין מיר האָט ער גענומען אריינרעדן:

— זעסטו, אַזאַ איינער ווי דו, העלפט שוין אַרויס אין באַלעבאַטישקייט, ווייסט ווי זיך אומצוגיין מיט א בהימה.

איך האָב אים שווייגנדיק געפירט איבערן וועג. ער האָט דאָך מיר אָנגעזאָגט: ...בעסער וואָס ווייניקער רעדן. מאכן זיך נאַריש, תמעוואַטע. און ער, מילעק, פירט די קו, שלעפט די שטריק פעסט, און רעדט ווי קיינמאָל גאָרנישט:

— נישט ווייט פון דאַנען... איז אַ הויף, וווּ מען דאַרף אַזאַ איינעם צו אַרבעט... ווילסטו צוגיין מיט מיר צו אַ באַלעבאָס? — פרעגט ער מיך און רעדט ווייטער רואיק, ווי ער וואָלט מיך נישט געקענט:

— קום... קום מיט מיר... איך וועל דיך צופירן...

מילעקס אויגן האָבן געלאַכט צו מיר. ער האָט שוין געזען, אַז דער בעטלער איז האַלב־בלינד.

די ווערטער זענען דעם זקן געפעלן געוואָרן. האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט:

— זאָגסטו, אַז מען דאַרף אַזאַ יינגל אין אַ הויף?... איז טאַקע גוט אַזוי — האָט ער צוגעשטימט. — בעסער אַרבעטן ביי אַ באַלעבאָס, ווי גיין איבער די הייזער בעטן אביסל עסן... גיי, יוזעק, פרעג זיך אָן, גיי — האָט ער מיך געגומען צורעדן. — אָבער פריער פיר מיך צו צום קאָשטשיאָל. מייַנע פיס שטייען אָפּ... און דו, דו ביסט קראַנק געוואָרן, באַזשע מוי, באָזשע מוי — האָט ער אויפן קול געיאָמערט.



אַלץ איז געוואָרן אַנדערש פון דעם טאָג, ווען איך האָב געפונען מילעקן. שטענדיק איז ער געווען אַן אַנדערער פון אַלע. אפילו אין געטאָ איז ער געווען אַ פריילעכער. געגאַנגען אין דער אָרגאַניזאַציע, געהאַט אַ סך חברים. אין יתומים־הויז איז ער געוואָרן אַ באַלעבאָס איבער דער שטוב, און אַלע יינגלעך האָבן אים געפאָלגט. שטענדיק האָט ער געקאָנט זיך אַן עצה געבן. ער איינער האָט דאָך געוואַגט צו שפרינגען פון וואַגאָן! און וואָס איז דערנאָך געוואָרן מיט אַלע קינדער, דאָס ווייסט נישט קיינער.

ווי נאָר ער האָט מיך דערזען איז ער באַלד מיין פאַרזאָרגער געוואָרן. צום בעטלער האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט אַ ניגון פון אַ דאָרפיש יינגל:

— זיידע, אויב איר ווילט צום קאָשטשיאָל, איז טאַקע פון דעם זייטיקן וועג, נאָר אַ פּאָר טריט. אָדער אפשר ווילט

איר אויף דער לאַנקע צוגיין, אויסרוען זיך אַביסל? עפּעס אָפּעסן? — און ער האָט אָנגעוויזן אויף זיין פֿאַסטעך־טאָרבע אָנגעהאָנגען אויפֿן אָרעם.

— ניין, ניין... איך וויל גלייך אין קאַשטשיאָל! תּפֿילה טאָן דאַרף מען... בעטן רחמים ביים האַר פֿון דער וועלט! פֿיר מיך, יינגל, צום גלח און דעם יתום צו אַ באַלעבאָס... אַ שטומער איז ער נעבעך, אָבער אַרבעטן וועט ער געטריי פֿאַרן עסן...

די רייד האָבן זיך אים געפּלאָנטערט. ווי ער וואָלט שוין גאָרנישט געוווּסט, וואָס טוט זיך מיט אים. איך האָב קוים פֿאַרשטאַנען:

— צום גלח... אויף דער באַנק זיך אָוועקלייגן... קראַנק איז ער מיר געוואָרן! באָזשע מוי, ראַטעווע די מענטשן! טייוולאָנים מאַכן חרוב די וועלט!

ווי נאָר ער האָט מיט זיינע האַלב־בלינדע אויגן דערזען פֿון דער ווייטנס דעם קאַשטשיאָל, איז ער געשטאַרקט געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן שפּרייזן מיט גרויסע טריט, קלאַפּנדיק מיטן שטעקן איבערן וועג.

— גייט, יינגלעך... גייט אייך אייער וועג... מיר וועט שוין העלפֿן די הייליקע מוטער! איר קינד בין איך דאָך — וואָס אַמאָל שנעלער האָט ער געשפּאַנט פֿאָראויס. איך מיט מילעקן האָבן אים קוים געקאָנט נאָכיאָגן.

אין אַ צייט איז נאָכגעגאַנגען די קו און מילעק האָט מיטן שטעקן זי געטריבן.

— זייט געזונט, יוזעק! — האָט דער אַלטער נאָכגעשריגן — א גוט יינגל ביסטו... אוי, אַ גוטער!

איך בין געבליבן מיט מילעקן אויפֿן ליידיקן וועג.

— חיימעק... נעם דעם שטעקן... פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך... טרייב די קו... זי קען דיך נישט... קראַסולאַ הייסט זי... גלייך, דאָרט איז די... לאָנקע.

שטיל, גאָר שטיל האָט ער גערעדט צו מיר, כאָטש קיי־נער איז אויפן וועג נישט געווען.



ערשט אויף דער לאַנקע זענען מיר צוגעפאַלן צו זיך.

— חיימעק, סאַראַ גליק, אַז איך האָב דיך געפונען! אומעטום האָב איך דיך געזוכט! ווו ביסטו געווען? וואָס האָסטו געטאָן? — האָט מילעק געוואָלט אַלץ וויסן מיט־אמאָל.

איך האָב אפילו קיין וואָרט נישט געקאָנט ארויסרעדן פון איבערראשונג. אלע געשעענישן האָבן זיך מיר אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ. די נאַכט אין שטאַל, דער בעטלער. פאַרוואָס האָט ער אלעמען אָנגעזאָגט, אַז איך בין אַ שטומער? און דאָ פלוצים — מילעק! מיר ביידע אויף דער לאַנקע צוזאַ־מען! די גאַנצע צייט האָט מיך געפּייניקט די שרעק טאָמער האָבן אים די דייטשן געכאַפּט. אין האַרצן האָב איך דאָך געגלויבט, אַז ער לעבט!

...אוי מילעק, איך האָב געמיינט, אַז, אַז...

ער האָט מיר נישט געלאָזט אויסרעדן, ווידער ארומגע־נומען. באַקוקט פון אַלע זייטן, אויסגעפרעגט:

— חיימעק, וואָס איז מיט דיר, צי ביסטו קראַנק? ביסט ווייס ווי... ווי... זיין פּנים איז געווען ברוין אָפּגעברענט. מיטן שטרויענעם הוט איז ער גאָרנישט געווען ענלעך צו אַ יידיש יינגל. זיינע אויגן האָבן געלאכט צו מיר פאַר פרייד, און מיטאמאָל איז ער גאָר אַן אַנדערער געוואָרן. אַראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ און פון די אויגן האָבן אָנגעהויבן קאַפּען טרערן.

— חיימעק, זאָג, וואָס איז געוואָרן מיטן טאַטעשי, ער איז דאָך קראַנק געווען! ווער ווייסט וואָס איז געוואָרן מיט אַלע אין געטאָ? — האָט ער מיך מיט אַ ציטער אויסגע־פרעגט, ווי איך וואָלט עפּעס געוווּסט אָדער פאַרגעפילט.

— מען האָט נישט געדאַרפט גיין אין יתומים־הויז —

האָב איך אויפֿן קול געזאָגט, ווי נאָר איך האָב זיך ארומגעזען, אַז קיינער איז נישטאָ אויף דער לאָנקע.

— ציִ האָבן אלע געקאָנט זיך באַהאַלטן פאַרן דייטש? וואָס איז מיט דער מאמעשי? אויך זי איז שוין פון לאנג געווען קראַנק, נאָר זי האָט נישט דערציילט... און וואָס מאכט די מומע צילא?

די גאַנצע צייט האָב איך אפילו נישט געהאט מיט וועמען צו רעדן. אוי, איך בין שוין טאַקע געווען ווי אַ שטומער. די צייט וואָס איך בין געלעגן אין קאַמער באהאלטן, האָב איך אפילו מיט דער באלעבאָסטע נישט גערעדט מער ווי אַ פּאָר ווערטער.

מילעק האָט געשוויגן. אויך ער האָט באדויערט, וואָס ער האָט געלאָזט זיך אַוועקפירן אין יתומים־הויז.

איך האָב נישט געקענט צוזען, ווי ער זיצט אַזאַ שטילער, אַ טרויעריקער. האָב איך אים דערציילט די נייעס, וואָס איך האָב אין שטאַל אונטערגעהערט.

...עס איז שוין זייער סוף... מען דערציילט, אַז זיי האָבן פאַרשפּילט! פאַרלוירן די ארמיי אין אין... אפשר וועלן מיר אינגיכן אהיימגיין...

מילעק האָט מיך אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געגלויבט מיינע רייד.

— פאַרשפּילט, זאָגסטו? ווו איז דאָס געשען? דאָ אין דאָרף זאָגן אלע, אַז זיי זענען די שטאַרקסטע אויף דער גאנצער וועלט! זיי האָבן נישט קיין מורא פאַר קיינעם! אוי, חיימעק אפשר זאָלן מיר צוריקלויפן אין געטאָ? ס'איז דאָך נישט ווייט פון דאנען! — האָט ער שטיל געפרעגט און באלד אליין אָפּגעענטפערט:

— ...אָבער די דראָטן... דער „פּאָסטן”?

אהיים! אהיים! צוריק אין געטאָ!... ווי אזוי קאָן מען אָבער גיין איבער די פעלדער? אומעטום גייען ארום פּאָליציאנטן! מיר ביידע האָבן גוט געוווּסט, ווי גרויס עס איז די סכנה.

מילעק האָט אַרויסגענומען פּלעצלעך פון זיין טאָרבע. מיר האָבן געגעסן צוזאַמען.

אַלץ וואָס די גוטע באַלעבאָסטע האָט מיר מיטגעגעבן, האָט דאָך דער בעטלער אריינגעלייגט אין זיין זאַק.

ס׳איז געווען שטיל אויף דער לאָנקע. אַ סך פייגל זענען ארומגעפלויגן אויפן הימל. דאָס פרישע גראָז האָט שוין געשמעקט פון פעלד. די קו איז זיך ארומגעגאַנגען, געקייט דאָס גראָז. איז טאַקע מילעק אַ פּאַסטעך? טאַקע אַזוי ווי יאָסעלעס טאַטע האָט דערציילט: אַ סך ייִנגלעך גייען אַרום מיט בהמות איבער די פּאַשע־פעלדער... איך האָב אויס־דערציילט אַלץ, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט, און מילעק האָט אַלע מאָל איבערגעריסן, נישט גלויבנדיק אין דעם נס:

— אַ סך מזל האָסטו געהאַט! ווייסטו וויפל יידן וואַל־גערן זיך אַרום אין וואַלד, אין די ראָוון? אויך מיט מיר איז געשען אַ נס! — האָט ער געזאָגט און אָנגעהויבן דער־ציילן וועגן זיין באַלעבאָס; ווי ער האָט אים געמאַכט אויפן בוידעם אַ געלעגער מיט אַן אמתדיק בעט! אויסגעלערנט יעדע אַרבעט אין דער ווירטשאַפט. — זעסטו, חיימעק, אפילו אַ פּאָר הויזן מיט אַ שפּענצער האָט ער מיר געגעבן! ער זאָגט... אַז ער וועט מיך האַלטן שטענדיק. סטאַך רופט ער מיך. ער וויל נאָר פריער מיר מאַכן פּאַפּירן... אָבער היטן דאַרף איך זיך — האָט ער פּלוצים גאָר שטיל אַ זאָג געטאָן. — ווי נאָר עמעצער קומט צו צום פּאַרקן, גיי איך גלייך אַריין אין שטאַל, אין אַ קאַמער. מען מוז זיך שטענדיק היטן... געדענק!

— איך ווייס... מיך רופט מען יוזעק... שוין אַ יאָר... איך געדענק... — האָב איך אים געענטפערט.

די זון האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו ברענען. איך האָב די ליכטיקייט נישט געקענט אויסהאַלטן. די אויגן האָבן מיר גענומען שטעכן. איך האָב געמוזט פאַרשטעלן דאָס פּנים מיט די הענט. אוי, וואָס איז געשען מיט מיינע אויגן? איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן. כ׳האָב גאָרנישט געזען.

— קום, יוזעק — האָט מילעק שקאַציש געזאָגט —

די זון איז שוין הויך אויפגעגאַנגען. מ׳דאַרף מעלקן די קו... איך וועל דיך איצט צופירן צו אַ באַלעבאָס. אַ סך מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף אַ ייִנגל צו אַר־בעט. די דייטשן האָבן אַוועקגעפירט זיינע זין. זיין כאַטע איז די לעצטע אויפן וועג.

מילעק האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם ברעט, אָנגעטאָן זיין טאָרבע אויפן אָרעם און געגעבן מיר ווידער דעם שטעקן, איך זאָל טרייבן די קו.

— היידאַ, היידאַ, קראַסולאַ — האָט ער גערעדט צו איר, געגלעט זי און אַרומגענומען. — האָב נישט קיין מורא, חיימעק! אַ קו איז בעסער פון אַ הונט. זי בייסט נישט, בילט נישט, אַ שטילע גוטע חיה איז זי.

פּאַמעלעך זענען מיר צוגעגאַנגען צו אַ לאַנגן פּאַרקן אונטער אַ סאָד מיט ביימער. מילעק האָט שטיל צו מיר געזאָגט: דאָ וווינט ער, מיכאל בעדנאַרעק הייסט ער... נעם אַראָפּ ס׳היטל און זאָג: „זאָל גאָט זיין באַגריסט״ — און אַליין האָט ער אַריינגעשריגן:

— באַלעבאָס, איך האָב אייך געבראַכט אַ ייִנגל צו דער אַרבעט!



אַרום צוויי יאָר האָב איך געאַרבעט אין דעם הויף. ווי אַזוי האָב איך אַזאַ אַרבעט געקענט אויסהאַלטן?

דאָס האָט מיך מילעק יעדן טאָג געשטאַרקט, אריינ־גערעדט צו מיר איבערן פּאַרקן אַ פּאָר ווערטער. אַמאָל דערציילט, וואָס די פּויערים רעדן וועגן דער לאַגע. אַן אַנדערש מאָל די נייעס פון דאָרף. שטענדיק האָט ער מיר די זעלבע ווערטער איבערגעחזרט: וועסט זיך צוגעוווינען... יעדע אַרבעט קאָן מען זיך אויסלערנען.

דאָס איז אָבער נישט געווען קיין אַרבעט. דאָס איז געווען אַ תפיסה. דער פּויער האָט מיך געהיטן, אויף אַ רגע נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. געטריבן פון איין אַרבעט צו דער אַנדערער.

ווען ער האָט מיך צום ערשטן מאָל דערזען, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט:

— אַרבעט זוכסטו, יינגל, אַנו קום אַריין, ווייז וואָס דו קענסט! היינט זענען אַלע פוילאַקעס, דאַרמאָזיאַדעס, נאָר די שיסל מיינען זיי!

מילעק איז אַוועקגעגאַנגען מיט דער קו צו זיין באַלעבאָס, און איך האָב זיך אפילו נישט אומגעקוקט, ווי ער וואָלט פאַר מיר געווען אַ פרעמדער. איך האָב געוווסט, אַז איך בין שוין נישט מער אַליין.

די ווירטשאַפט פון מיכאל בעדנאַרעק איז געווען פאַרלאָזן און שמוציק. אומעטום זענען געלעגן אַלטע, צעבראָכענע זאַכן. נאָר אַ קליין שטיקל ערד אַרום הויף האָט ער באַאַרבעט. אַליין האָט ער געקאָכט און געוואַשן זיינע העמדער און הויזן. זיין ווייב מיכאַלאָוואַ איז גאַנצע טעג געזעסן ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט, צי אירע זין קומען צוריק. זי האָט מיט קיינעם נישט גערעדט, דער באַלעבאָס איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען און געברומט:

— יוזעק! — ס׳מיסט האָסטו נישט אַוועקגעפירט, דאָס האָלץ נישט געהאַקט! ווי לאַנג וועסטו שיילן די קאַרטאָפל? צו קיין אַרבעט טויגסטו נישט, די טעפּ נאָך נישט אויסגערייניקט!

— מיינע זין האָבן די פעלדער באַאַרבעט, דעם הויף אָפּגעהיט, די שטאַלן, אַלץ, אַלץ געטאָן! און דו ביסט אַ גאָרנישט! צו עסן אַ גרעאָטענער! אָ לאַ באַגאַ! ווו האָבן זיי אַוועקגעפירט מיינע דריי זין?

ווען עס איז נאָך פינצטער געווען, איז ער שוין געווען ביי מיר אין קאַמער און גערופן:

— יוזעק... מ׳דאַרף פייער מאַכן! מאַך אַ שיסל גרינס פאַר די קאַטשקעס! מ׳דאַרף זיפּן ס׳מעל! ביז נאַכט האָב איך געאַרבעט. די הענט זענען מיר געשוואָלן געוואָרן. איך בין קוים אַרומגעגאַנגען אויף די פיס. אפילו עסן האָב איך פון מידקייט נישט געקאָנט. נאָר שלאָפן האָב איך געוואָלט! גאָרנישט מער! כאָטש איינמאָל זיך אויסשלאָפן!

ווען איך בין געלעגן באַהאַלטן אין קאַמער ביי דער אַלטיטשקער פרוי, האָב איך ערשט געזען ווי לאַנג איז אַ שעה. פאַרשטאַנען, אַז אַ טאָג קאָן זיך ציען אָן אַ סוף.

אין הויף ביים באַלעבאָס האָב איך נישט געזען די טעג. ווען איך האָב געוואָלט זיך צוזעצן אַביסל אָפּרוען, איז שוין געווען נאַכט. די אַרבעט איז אָבער נאָך נישט געווען געענדיקט. ווי שנעל זענען געלאָפן די טעג און די חדשים! אונטער דער שטאַל האָב איך געזייט קאַרטאָפל מיטן באַ־לעבאָס און דערנאָך זיי אויסגעקאָפּעט. צוזאַמען מיט אים האָב איך געגראָבן אַ ראָוו און דאָרט זיי באַהאַלטן אויפן ווינטער. באַדעקט דעם גרוב מיט ברעטער און שטרוי.

ס'איז געווען אַ הייסער זומער. דיביימער האָבן גע־בליט. געגעבן אַ סך עפּל און פלוימען. איך האָב אָבער דעם זומער נישט געזען.

מיכאַלאָווא האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט ווען די רעגנס האָבן אָנגעהויבן גיסן. אויפגעשטאַנען איז זי, ווען דער שניי האָט אָפּגעטייעט, און ווידער זיך צוגעזעצט צום פענצטער. אַמאָל האָט דער באַלעבאָס גערופן אַ דאָרפישע „באַבקע". אַ פרוי, וואָס היילט מיט בלעטער די פּויערים און זייערע קינדער.

איך האָב געהערט ווי זי האָט גערעדט פאַרן אַוועקגיין:

— געזונט איז זי, געזונט. נאָר דאָס איז אַזאַ בענק־שאַפט צו די זין. ווי נאָר זיי וועלן זיך אומקערן, וועט זי שוין אויפשטיין, אַרבעטן ווי שטענדיק. די הענט זענען ביי איר גוטע, פעסטע... נאָר דאָס האַרץ... דאָס האַרץ... — האָט זי שטיל גערעדט.

— אָ לאַ באָגאַ, — האָט דער באַלעבאָס אויסגעשריגן.

— קאָנסט איר גאָרנישט געבן, זי זאָל אויפשטיין? איך אַליין קאָן שוין מער נישט אַרבעטן! מען דאַרף אַרויסגיין אין פעלד! אַלץ ווערט געזמאַרנעוועט! אוי, מיינע זין! וווהין האָט מען זיי אַוועקגעפירט? און די בהמות, און די תבואה. דאָ ווערט אַלץ צו גאָרנישט! אָ לאַ באָגאַ, ווער

וועט מיר אַרויסהעלפן? — האָט ער זיך געזשאַלעוועט פאַר דער באַבקע. — וועד?

איך האָב געקריגן רחמנות אויף אים. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין רחמנות אויף מיר. ער האָט געוואָלט מיך אומברענגען מיט דער אַרבעט.

★

אַמאָל האָט זיך מיר דערמאָנט אַ בילד פון דער היים. איך האָב מיטאַמאָל דערזען אונדזער שיינע פּיאַטריקאָווער גאַס, וווּ מיר האָבן געוווינט. אין זכרון איז מיר געבליבן פון לאַנג אַ פאַרגעסענע געשעעניש. איך האָב ווידער דער־זען אַ פורמאַן אויף אַ פולן וואָגן מיט קוילן. ער האָט געשלאָגן מיט אַ בייטש דאָס פערד, עס זאָל גיכער גיין. דאָס פערד איז אומגעפאַלן. נישט געקאָנט ווייטער גיין. נאָר דער פורמאַן האָט עס געשלאָגן וואָס אַמאָל שטאַרקער און געזידלט מיט מיאוסע ווערטער. נישט איין מאָל האָב איך ביינאַכט געטראַכט אין דער קאַמער, אַז איך בין אויך ווי דאָס פערד, וואָס פאַלט און קאָן מער נישט אויסהאַלטן און דער פויער טרייבט און יאָגט עס, וואָס אַמאָל צו אַ שווערערער אַרבעט.

פאַרוואָס זענען מענטשן שלעכט צו מענטשן און צו בהמות? — האָב איך אַ סך מאָל געטראַכט — פאַרוואָס פייניקט איינער דעם אַנדערן?

★

אין איינער א נאַכט האָט זיך מיר געחלומט דער זיידע־שי מנשה. אוי, איך האָב דאָך שוין פון אים אינגאנצן געהאט פארגעסן! איך האָב אים געזען זיצן אין זיין לאנגן ווייסן טלית מיט דער זילבערנער עטרה ביים טיש מיט ספרים. ער האָט געלערנט מיט די בחורים פון הויף. ווען איך האָב זיך אויפגעוועקט, האָב איך זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין.

ווער בין איך איצט? וואָס וואָלט געזאָגט דער זיידעשי, ווען ער זעט מיך אַזאַ שמוציקן ווי איך בין, מיט אַ נאָמען יוזעק? און ער, דער באַלעבאָס קאָכט מילך צו דער קאַשע אין דעם זעלבן טאָפּ אין וועלכן ער קאָכט דאָס פלייש! שפּעטער האָב איך מיך דערמאָנט, אַז ווען מיר האָבן גע־קריגן פערדס־פלייש אויף טאַלאָנען און נישט געוואָלט עסן, האָט דאָך דער זיידעשי דער ערשטער געזאָגט, מען זאָל גיין דאָס פלייש אָפּנעמען. פּיקוח נפש, האָט ער גע־זאָגט. אַזוי האַלט מען מלחמה מיטן דייטש! אַלץ מוז מען טאָן אויף איבערצולעבן!

צו מילעקן האָב איך אַ סך מאָל געזאָגט, אַז איך וויל ביינאַכט אַנטלויפן. איך קאָן אַזאַ אַרבעט מער נישט אויס־האַלטן. איך געדענק דעם וועג אין וואַלד. דאָרט איז אַ ראָוו ליגט יאָסעלע מיט זיין טאַטן. ביינאַכט באַקן זיי קאַרטאָפל! זיין טאַטע גייט אַרום אין די נעכט און געפינט אַלעמאָל עפּעס צו עסן.

מילעק האָט נישט געלאָזט. אַלעמאָל מיך אָפּגערעדט:

— חיימעק — האָט ער געזאָגט, דאָס איז דאָס בעסטע אָרט אין דאָרף! צו זיי קומט נישט קיינער! איצט ריעדן שוין אַלע, אז די רוסן מיט די אַמעריקאַנער גייען צוזאַמען און באלד וועלן זיי קומען... שאַ... שאַ... האָט ער שנעל אָפּגעריסן, און ארומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן. נאָך אַביסל מוזן מיר וואַרטן און מיר וועלן אַוועק פון דאַנען!



די אַרבעט און די קעלט פון לעצטן ווינטער האָבן מיר צוגענומען די האָפענונג, אַז איך וועל קענען דאָס אַלץ אויסהאַלטן ביזן סוף. פון צייט צו צייט איז צו מיר געקומען „סטאַך". ער האָט יעדעס מאָל געזאָגט, אַז איך מוז זיך צו דעם נאָמען זיינעם צוגעוווינען, נאָר אַזוי אים רופן. ער האָט מורא געהאַט, אז עמעצער קאָן נאָך פלוצים הערן ווי איך רעד צו אים מיט זיין אמתן נאָמען. אַזאַ זאַך קאָן אַן

אומגליק ברענגען, ווייל אין דאָרף זענען דאָ אַ סך מענטשן, וואָס גיבן אויס יידן פאַר געלט צו די דייטשע פּאָליציאַנטן. יעדעס מאָל פלעגט ער מיר מיטברענגען אַ העמד, אַ וואַרעמע יאַקע. ער פלעגט אַריין אין דער קאַמער אויפן הויף, ארויסציען פון די ברייטע טאַשן די זאַכן און פלעגט רעדן גיך, מיט איין אָטעם: טו זיך איבער, וואַרף אַוועק די שמוציקע זאַכן! קאָנסט נאָך קראַנק ווערן פון שמוץ.

איך פלעג קוקן אויף די זאַכן און נישט גלויבן מיינע אויגן: פון וואַנען האָסטו אַזעלכע נייע, וואַרעמע זאַכן? — האָב איך אים געפרעגט.

אַלץ וואָס איך האָב געטראָגן, איז געווען שמוציק און צעריסן.

— מיין באַלעבאָסטע האַנדלט — האָט ער שטיל דער־ציילט, ווי אויסזאָגנדיק אַ סוד. — יעדן טאָג פאָרט זי אַוועק ווען עס איז נאָך פינצטער, און קומט אַלעמאָל צוריק מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע. אוי, וויפל פּעק ליגן ביי זיי אויף דער ערד אין שטאַל, צוגעדעקט מיט שטרוי. קיינער ווייסט נישט ווי רייך זיי זענען! אַ פולן קאַסטן מיט מאַרקן האָבן זיי. אַ סך, אַ סך געלט!

איך האָב גאָרנישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט זי נישט קיין מורא אַריינצוגיין אין אַ באַן? ארומפאָרן, קויפן זאַכן און עסנוואַרג. פירן זיי פון פאַרשידענע שטעט אין דאָרף אַריין...



עטלעכע וואָכן איז מילעק נישט געווען ביי מיר. איך בין געווען שטאַרק אומרואיק, נישט געוווסט וואָס מיט אים איז געשען. דורכן פאַרקן פלעג איך ארויסקוקן אויפן וועג. קיינער פלעגט אָבער אין די גרויסע קעלטן נישט אַרויס. די וועגן זענען געווען פאַרשאָטן מיט שניי. דער ווינט האָט געסווישטשעט און שלעכטע געדאַנקען זענען מיך באַפאַלן, ווען איך האָב געקוקט אויף די פוסטע פעלדער, ווו קיין מענטש ווייזט זיך נישט פאַר די אויגן. ווען ער איז ענדלעך

אַריין אין הויף, דורך דעם זייטיקן טירל, האָב איך אים נישט דערקענט. אויפן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ זאַק, באַשאָטן מיט שניי.

— יוזעק... יוזעק... — האָט ער מיך שטיל גערופן.

מיט אימפּעט בין איך צו אים געלאָפן אַ גליקלעכער, וואָס ער איז ווידער דאָ. ער איז אָבער געווען זייער טרויעריק. די אויגן זענען געווען ביי אים רויט, ווי אָנגעשוואָלן. ער איז גיך אַריין אין דער קאָמער און איך בין אים נאָכגעגאַנגען און פאַרריגלט דאָס טירל. פּאַמעלעך האָט ער מיך אַלץ אויסדערציילט.

— די באַלעבאָסטע איז געווען אין לאָדזש — האָט ער שטיל דערציילט.

— וואָס האָט זי דערציילט פון געטאָ? וואָס... הערט זיך דאָרט? זאָג מיר אַלץ! — האָב איך אים געבעטן.

מילעק האָט געשוויגן. ער איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט געהערט וואָס איך רעד צו אים.

— וואָס איז דאָרט געשען? — האָב איך אין אים אַרייגגעשריגן און עס איז מיר אַזש קאַלט געוואָרן, אַז איך האָב אָנגעהויבן ציטערן אויפן גאַנצן קערפּער.

— זי האָט פאַרנאַכט דערציילט פאַר אַלעמען, אַז... אַז... דער געטאָ איז שוין נישטאָ... אַלע יידן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן...

— אַרויסגעפירט?! ווי קאָן מען אַזויפיל מענטשן אַרויספירן? — האָב איך אים גענומען אויספרעגן אַ דערשטוינטער.

— ...זי האָט דערציילט, אַז זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער אויף אַרבעט... שוין פון לאַנג... אין די אַנדערע שטעט, ווו זי פאָרט אַרום, זענען אויך שוין נישטאָ קיין יידן...

— ווו, ווו זענען זיי אַלע? — האָב איך געפרעגט מיט גרויס פּחד.

מילעק האָט געשוויגן. און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז

קיינער ווייסט נישט ווו איז דער לאַגער, וועגן וועלכן די באַלעבאָסטע האָט דערציילט.

— ...דער טאַטעשי איז דאָך קראַנק געווען, ווי אַזוי קאָן ער אַרבעטן? — האָט מילעק גערעדט מיט אַ ציטער־דיקער שטימע. איך שלאָף נישט אין די נעכט, איך האַלט אין איין אַריינטראַכטן, ווו קאָן דאָס זיין אַזאַ לאַגער פאַר אַזויפיל יידן? וואָס טוען זיי דאָרט?

ער איז געווען בלאַס און אָפּגעדאַרט. ווען ער איז אַרויס פון דער קאַמער, האָב איך געזען, אַז ער שלעפּט זיך קוים אויף די פיס.

אויך איך בין די נאַכט נישט געשלאָפן. וואָס איז גע־שען מיט דער מאַמעשי? מיט דער מומע צילאַ? וווהין זענען זיי פאַרשיקט געוואָרן? דער זיידעשי איז דאָך אויך קראַנק געווען און קיין אָרט איז פאַר אים נישט געווען אין שפּיטאָל, ווו די באָבעשי דבורהלע איז געלעגן. וואָס איז געוואָרן מיט די קראַנקע, ווען אַלע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן? פאַרוואָס דאַרפן אַלטע קראַנקע מענטשן מיט־מאַכן אַזעלכע צרות?



עטלעכע טעג איז מיין חבר נישט געקומען. איך האָב דאָך נישט געוווסט ווו אים צו זוכן, ווען אפילו איך וואָלט זיך אַרויסגעגנבעט פון הויף. איך האָב געמיינט, אַז ער איז קראַנק געוואָרן. אוי, וואָס וועט זיין, ווען פון די אַלע צרות וועט ער שוואַך ווערן און נישט קאָנען מער אַרבעטן? ווער האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ זאַך, אַז אַלע יידן פון געטאָ וועלן אַרויסגעטריבן ווערן? — האָב איך געטראַכט גאַנצע טעג. דערנאָך האָב איך זיך דערמאָנט, אַז נאָך אינדערהיים האָבן דאָך די שכנים גערעדט, אַז די דייטשן וועלן אַלע יידן אַרויסטרייבן. קיינער האָט אָבער אין אַזאַ זאַך נישט געגלויבט. רבונו של עולם, וואָס וועט זיין מיט אונדז אַלע? ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט פּאַסירן, אַז אין אַלע שטעט און שטעטלעך זענען שוין מער קיין

יידן נישטאָ? וואָס איז געוואָרן מיט אונדזער משפּחה אין טשענסטאָכאָוו און אין בענדין?

אָט איז מילעק פּלוצים געקומען! ער איז גיך אַריין אין דער קאַמער. צוליב די גרויסע שנייען און פרעסט איז מיין באַלעבאָס נישט אַרויס פון שטוב. אַ גאַנצע טאָג איז ער געזעסן ביים אויוון און געלייגט שפּענער. געוואַרעמט זיך אָדער געשלאָפן.

אַ מידער פון לויפן האָט מילעק דערציילט, אַז די רוסן קומען! זיי זענען שוין הינטער וואַרשע! די פּויערים רעדן שוין גאַנץ אָפן, אַז זיי גייען פאָראויס מיט אַ גרויסער אַר־מיי און מיט א סך טאַנקען! אַלע דייטשן אַנטלויפן!

מילעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט און געקושט. די מלח־מה איז שוין ביים סוף! באַלד וועלן זיי אויך דאָ אַהער קומען! אפשר אַ וואָך, אפשר נאָר אַ פּאָר טעג!... אַזוי רעדט מען אין דאָרף. זיין פּנים איז געווען רויט. צי האָט ער געקריגן היץ? די ווערטער האָבן זיך ביי אים געפּלאָנ־טערט. ווייסטו, חיימעק, האָט ער שטיל אָנגעהויבן רעדן, די פּויערים זאָגן, אַז עס וועט זיין בעסער, ווען די אַמע־ריקאַנער וועלן קומען. מיין באַלעבאָס גיט זיי צו פאַר־שטיין, אַז עס איז נישט קיין חילוק, ווער עס וועט פאַר־טרייבן די בעסטיעס! אוי, ווי גוט זענען איצט אַלע גע־וואָרן צו מיר, די באַלעבאָסטע גיט מיר דאָס בעסטע עסן! איך שלאָף שוין נישט מער אויפן בוידעם! דאָס בעט האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין דורכגאַנג צו דער קיך. ס'איז וואַרעם און ליכטיק ביינאַכט! און איך בין דאָך די גאַנצע צייט געווען גליקלעך, וואָס זיי האָבן מיך געלאָזט אין פינצ־טערן בוידעם! ווייסט זען, באַלד וועלן מיר אַהיימגיין! מירן שוין געפינען דעם וועג!

צוזאַמען מיט אים האָב איך געוויינט און געלאַכט.



איך האָב נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס אַ סך פּויערים ווילן בעסער די אַמעריקאַנער. אין די ערשטע טעג זענען

דאָך אַלע יידן און פּאָלאַקן געלאָפן קיין רוסלאַנד! אפשר וועט איצט דער טאַטעשי צוריקקומען? און אַלע פעטערס מיט די זין. אוי, איך געדענק דאָך שוין נישט ווי זיי הייסן! איצט וועלן צוריקקומען דינהלע און יאַדוויגאַ! איך האָב שוין גאָרנישט געקאָנט טאָן. אַלץ איז מיר געפאַלן פון די הענט.

דער באַלעבאָס איז געלעגן אויף דער באַנק, געדרימלט. די באַלעבאָסטע איז געלעגן ווי שטענדיק אין בעט און אפילו קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים עמער קאַרטאָפל און אַריינגעטראַכט, ווי אַזוי קאָן איך זיי זאָגן, אַז אָט, אָט, ענדיקט זיך די מלחמה!?



שפּעטער האָט מען דערהערט שטאַרקע קנאַלן. די ערד האָט געציטערט. צי וועלן איצט אַלע הייזער איינפאַלן פון די באָמבעס? דער הימל איז געווען רויט ווי אַ פייער. דער זקן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער באַנק און איז אַרויסגעלאָפן פון הויף. אַ צעראָדערטער איז ער צוריקגעקומען, אָנגעהויבן שרייען צו זיין ווייב:

— מאַמע, מאַ... מע... די מלחמה איז שוין פאַרענדיקט! סטעפאַן זאָגט... אַז די פּאָליציי איז אַנטלאָפן! אָט, אָט... קום איך פון אים! איצט וועט דער באַרמהאַרציקער צוריקשיקן אונדז די זין!

זיין ווייב איז געלעגן און געשוויגן, ווי זי וואָלט גאָר נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט צו איר.

דערנאָך האָבן זיך אַלע פויערים אין דאָרף באַהאַלטן. מילעק האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז זיי האָבן זיך באַהאַלטן אויס מורא, אַז די דייטשן וועלן פאַרברענען דאָס דאָרף אַלס נקמה פאַר זייער מפּלה.



איך קאָן מיר איצט נישט דערמאָנען דעם טאָג פון דער באַפרייאונג. עס איז געוואָרן אַזאַ צעמישונג, אַז קיי־נער האָט נישט געוווסט וואָס ער טוט. איין פויער האָט זיך אָנגעשיכורט, אַן אַנדערער האָט הויך אויפן קול זיך געמאָדלעט. אַלע האָבן געזונגען, געשריען, געצויגן איבער די וועגן צום קאָשטשיאָל. מילעק איז געקומען צו לויפן אין איין אָטעם און האָט אַרויסגעוואָרפן:

— מיין באַלעבאָס וועט מיך פירן קיין לאָדזש! מען דאַרף נאָר אַביסל אויסוואַרטן... איך... איך האָב אים דער־ציילט, אַז איך בין אַ ייד! אַז איך וויל אַהיים!

— ...און ער... וואָס האָט ער געזאָגט? — האָב איך געפרעגט מילעקן.

— דער באַלעבאָס האָט זיך צעלאַכט: איך האָב באַלד געזען, אַז דו ביסט אַ ייד! אַ יידישער קאָפּ און... יידישע הענט... ווילסטו צוריק צו דיינע, וועל איך דיך אַוועקפירן קיין לאָדזש... אויב דו וועסט קיינעם נישט געפינען, קאָנ־סטו צו מיר צוריקקומען! איצט וועל איך קויפן אַ קו... אַרבעט וועט זיין אין שטאַל, אין פעלד... איז דיר שלעכט געווען ביי מיר? — אַזוי האָט ער גערעדט צו מיר, ווי קיינמאָל. מילעק האָט אויפגעהערט דערציילן. מיטאַמאָל זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד אין דער קאַמער און זיך פאַרטראַכט. אַ סך מאָל האָט ער די לעצטע צייט גערעדט צו מיר ווערטער, וואָס איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין.

— ווייסטו, חיימעק, אַז מיין באַלעבאָס האָט שטאַרק מורא פאַר די רוסן... — האָט ער שטיל גערעדט. אַלעמאָל בעט ער זיך ביי מיר, איך זאָל רעדן גוטס אויף אים, ווען עמעצער וועט זיך אויף אים פרעגן. „זאָג, סטאַך, איז דיר שלעכט געווען ביי מיר? האָב איך דיך נישט אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשן?...” אַ גאַנצן טאָג רעדט ער נאָר וועגן דעם, ווי ער האָט מיך געראַטעוועט, אויסבאַהאַלטן. פאַר־וואָס האָט מיין באַלעבאָס איצט אַזאַ פּחד? די דייטשן זענען דאָך שוין נישטאָ! — האָט מיך מילעק געפרעגט.

מיינע געדאַנקען זענען שוין געווען אַנדערע. איך

האָב נאָר געטראַכט ווי אַזוי וועלן מיר אַוועק פון דאָרף? איך האָב מיר אויפגעקאָכט אַן עמער וואַסער, זיך ארומגע־וואַשן, די זאַכן ארומגעפוצט. נאָך אַ טאָג... נאָך צוויי און איך וועל אָנהויבן אַ ניי לעבן! אוי... צוריק אהיים... איך האָב גלייך געוואָלט גיין צופוס, נאָר זיין באַלעבאָס האָט אַלץ גערעדט, אַז אויף די וועגן איז פאַראַן אַ סך מילי־טער. דערווייל וויל ער נישט פאָרן.



דער פון לאַנג אויסגעבענקטער טאָג איז געקומען.

מילעק האָט געבעטן זיין באַלעבאָס, ער זאָל אויך מיך מיטנעמען.

— יוזעק איז פאַר מיר ווי אַן אייגענער ברודער, אויך ער וויל אַהיים...

— זעסטו וויפל יידן האָבן זיך ביי אונדז אין דאָרף געראַטעוועט?! — האָט געענטפערט זיין באַלעבאָס, — אַנו, זאָל ער פאָרן...

ריין אָפּגעוואַשן, ריין אָנגעטאָן, זענען מיר אַרויף אויפן וואָגן. די באַלעבאָסטע האָט מילעקן געגעבן אַ פּעקל מיט עסן און נאָכגעשריגן, ווען דער וואָגן האָט גערירט פון אָרט:

— סטאַך... קום צוריק אין דאָרף אויב דו וועסט דיינע נישט געפינען!

מיך האָט מיין באַלעבאָס נישט געוואָלט אָפּלאָזן. מיט ביידע הענט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און גע־שריגן:

— אַליין לאָזטו מיך איבער! ווער וועט איצט טאָן די גאַנצע ארבעט? ווו זענען מיינע זין פאַרפאַלן געוואָרן?

ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט ער שוין גאָרנישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט אים.

דאָס האַרץ האָט מיר שטאַרק געקלאַפּט, ווען דער וואָגן איז אַרויס אויפן ברייטן שאָסיי. צום ערשטן מאָל

האָב איך דערזען דאָס דאָרף, ווען איך בין פון אים אָפּגע־פאָרן. איך האָב אָבער געזען מיט מיין גאַנצער נשמה נאָר מיין היים. אַלע... אַלע זענען זיי אפשר שוין צוריקגעקו־מען...

נעבן מיר איז שטיל און טרויעריק געזעסן מילעק. די לעצטע צייט האָט ער ווייניק גערעדט, ווי געוואָלט פאַר מיר עפּעס אויסבאַהאַלטן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב ווידער דערזען די פעלדער פון מארישין. איך האָב שוין אָבער דאָס אָרט נישט דערקענט, נישט געזען דאָס יתומים־הויז, נישט די אַנדערע קליינע, הילצערנע הייזלעך. און אויך די שטאָט, די גאַסן, ווו עס איז געווען דער געטאָ, האָב איך נישט דערקענט. קיין ייד נישט געזען. אויך מילעק האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. געזוכט עמעצן, וואָס האָט געוווינט צוזאַמען מיט אונדז. איז דאָס די שטאָט, ווו איך האָב געלעבט אַלע יאָרן? — האָב איך געטראַכט און נישט דערקענט אפילו די פּיאָטרקאָווער גאַס. מיטאַמאָל האָב איך מיט אַלע כוחות אָנגעהויבן שרייען:

— דאָס איז אונדזער הויז! אונדזער...

דער באַלעבאָס האָט פאַרהאַלטן דעם וואָגן און געזאָגט:

— גייט זוכן אייערע... איך וואַרט דאָ בייט טויער...

איך בין געלאָפן איבערן הויף מיט אַלע כוחות. אַרויף אויף די טרעפּ, אויפגעמאַכט די טיר און געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

אַלץ איז געווען אַנדערש, פרעמד. אַנדערע מעבל; אַ נייע איינריכטונג. אַ פּוילישע פרוי אין אַ ווייסן שערץ איז געשטאַנען ביי דער קיך. אין אונדזער עס־שטוב איזביים טיש געזעסן אַ פרעמדער מאַן מיט קינדער... איך האָב אויפגעמאַכט דאָס מויל, אָבער קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן. אין האַלדז האָט געשטיקט, אין קאָפּ האָט גע־שווינדלט.

— וועמען זוכסטו, יינגל? — האָט געפרעגט די פרוי.

— וואָס האָסטו זיך אָוועקגעשטעלט ביי דער טיר?

— דאָס איז אונדזער דירה! מיר האָבן דאָ געוווינט! ווו איז מיין מאַ...

מער האָב איך נישט געקענט אַרויסרעדן. איך האָב זיך אויסגעדרייט, אַרויפגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער וואַנט און געוויינט.

— מיר האָבן דאָ שטענדיק געוווינט! — האָט אַ מאַן געגנומען שרייען. — ווער ביסטו דאָס? פון וואַנען האָסטו זיך דאָ גענומען? גיי אין יידישן קאָמיטעט... זיי וועלן דיר אָפּזוכן דיין משפחה! — אַלע אין דער שטוב האָבן זיך אַרום מיר אַוועקגעשטעלט, געוואַרט איך זאָל אַרויסגיין.

— ...גיי, יינגל, אין יידישן קאָמיטעט, — האָט נאָכגעזאָגט די פרוי. — וואָס האָסטו זיך גאָר אויסגעטראַכט! מער זאָלסטו זיך דאָ נישט ווייזן!

איך בין אַרויס אויף די טרעפּ, אַראָפּ צום סטרוזש. אין זיין דירה האָט געוווינט אַן אַנדערער. אין דער שטוב איז אַלץ ביי אים געווען ניי, טייער. אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן אויסגעשפּרייט דיוואַנעס.

דער נייער סטרוזש איז אַראָפּ פון אַ קאַנאַפּע און מיט בייזקייט אויסגעשריגן:

— וואָס זוכסטו אין דעם הויז? פּאַשאָל, געגאַנגען!

איך האָב אים געוואָלט פרעגן... צי איז מיין טאַטעשי צוריקגעקומען? אפשר קען ער מיר זאָגן, ווו איז וולאַדעק, דער זון פון פריערדיקן דאָזאָרצע, — אָבער ער האָט מיר קיין וואָרט נישט געלאָזט אַרויסרעדן. געשריגן אויפן קול:

— מען קאָן פון זיי נישט פּטור ווערן! שוין זענען זיי אַלע ווידער אַרויס פון די נאָרעס!

איך בין צוריק אַרויס אויף דער גאַס, אָבער קיינעם האָב איך נישט געזען. אַרום איז געווען פינצטער, ווי די זון וואָלט אויסגעגאַנגען...

— האָסט קיינעם נישט געטראָפן? — האָט דער באַלעבאָס געפרעגט, — איך האָב דאָך אייך באַלד געזאָגט, אַז נאָך אַ מלחמה מוז דויערן אַ צייט ביז יעדער געפינט אָפּ

זיין משפחה. אויך אין אונדזער דאָרף איז נאָך קיינער נישט צוריקגעקומען...

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז מילעק געקומען צוגיין. אַוועקגעשטעלט זיך ביים וואָגן, נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. איבער זיין פּנים זענען געראָנען טרערן.

— סטאָפּ, קריך אַרויף אויפן וואָגן... מירן פאָרן צו־ריק אין דאָרף! נישטאָ קיין צייט צו פאַרלירן! — האָט דער פויער גערופן אומגעדולדיק.

אַרום אונדז האָבן זיך מענטשן אַרומגעשטעלט. גע־קוקט אויף אונדז, אויף דעם באַלעבאָס מיטן פערד־און־וואָגן, געדרייט מיט די קעפּ פאַרוווּנדערט.

אַ מאַן אין אַ לאַנגן ווינטער־מאַנטל און אַ פוטערן היטל איז צוגעקומען פלוצים און געפרעגט שטיל:

— צי זייט איר יידישע קינדער? פון וואַנען קומט איר? וואָס האָט מיט אייך פּאַסירט?

ווי נאָר מילעק האָט דערציילט, אַז ער איז געקומען זוכן זיין משפחה און דער־אָ באַלעבאָס האָט אים געבראַ'נגט צו פירן פון דאָרף, האָט דער מאַן אַרויסגענומען אַ שאַכטל ציגאַרן און דערלאַנגט דעם פויער.

— מירן צופאָרן צום קאָמיטעט — האָט ער געזאָגט מיט אַזאַ פרייד, ווי ער וואָלט זיינע באַקאַנטע אָפּגעפונען. זיין פּנים האָט געלאַכט צו אונדז.

— עס וועט שוין זיין אַלץ אין אָרדענונג... נישטאָ וואָס מורא צו האָבן... מירן צופאָרן צום יידישן קאָמיטעט... — און ער איז אַרויף אויפן וואָגן. אַוועקגעזעצט זיך צווישן אונדז, אַרויפגעלייגט די הענט אויף אונדז ביידע. דערציילט, יינגלעך, וואָס איז מיט אייך געשען, דערציילט אַלץ — האָט ער גערעדט אַן אויפגעבראַכטער.



אין גרויסן הויז פון קאָמיטעט האָבן זיך אַלע אַרום אונדז אַרומגעשטעלט, אָנגעהויבן אויספרעגן:

— ווו האָט איר געוווינט? ווי הייסט איר? ווו זייט איר געווען די גאַנצע צייט?

איבערן קאָרידאָר איז אומגעדולדיק אַרומגעגאַנגען דער באַלעבאָס און געאײַלט זיך וואָס גיכער צוריקצופאָרן אין דאָרף.

— קומט... סטאַך, יוזעק! — האָט ער גערופן. — דער וואָגן שטייט פאַרן טויער!

אַ מענטש פון קאָמיטעט האָט אונדז אַלע אַרײַנגערופן אין אַ שטוב. פאַרשריבן דעם נאָמען און אַדרעס פון דעם פויער, געגעבן אים אַ פעקל און געזאָגט צו אים:

— פאָרט געזונטערהייט... די ייִנגלעך וועלן דאָ בלייבן... — ער האָט געדריקט די האַנט פון פויער און אים געדאַנקט. — אַ גרויסע, גרויסע זאַך האָט איר געטאָן! קומט ווידער אין אַ חודש אַרום. מירן אייך נישט פאַרגעסן!

דער באַלעבאָס איז צו צו מילעקן, אָנגעכאַפּט אים פאַר ביידע הענט און געזעגנט אויפן קול: — זייט געזונט, סטאַך, קום צו אַמאָל אין דאָרף — שפּעטער האָט ער מיך ארומגעכאַפּט. אַ גליקלעכער מיטן פעקל זאַכן, האָט ער ווידעראַמאָל אַלעמען געדאַנקט און איז אַוועק.

די מענטשן פון קאָמיטעט האָבן אונדז ווידער גענומען אויספרעגן: וואָס האָבן מיר געטאָן אין דאָרף? ווער האָט אונדז דאָרט אַהינגעפירט? — ייִדישע קינדער... גאָט צו דאַנקען... אָפּגעראַטעוועט זיך... — האָבן אַלע גערעדט אַרום.

— וואָס ווילט איר פון די ייִנגלעך? — האָט דער מאַן אין פּוטערנעם היטל זיך אָנגעבייזערט. — איך האָב זיי נישט געבראַכט אַהער, איר זאָלט זיי אויספרעגן אַלע קשיות מיטאַמאָל. מען דאַרף זיי אָנטאָן, אַוועקפירן אין אַ קינדערהיים. לאָזן אויסרוען. — ער האָט טאַקע גענומען אַ צעטל אין אַ מאַגאַזין און באַלד אונדז דאָרט אַוועקגעפירט. מיר האָבן באַקומען נייע העמדער, הויזן און מאַנטלען, שיך און היטלעך. אוי, האָט זיך דער ייִד אין מאַגאַזין מיט אונדז געפרייט! געזוכט די בעסטע זאַכן פאַר אונדז

און נאָך געגעבן אַ פּעקל עסנוואַרג! געלויבט איז גאָט...
נישט אַלץ אומגעבערענגט! אַ סך וועלן זיך נאָך אומקערן!

ווידער האָט מען אונדז אויסגעפרעגט ווי אַזוי מיר האָבן זיך געראַטעוועט, ווער האָט אונדז אויסבאַהאַלטן. דער מאַן, וועלכער האָט אונדז געטראָפן אינדערפרי, האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזט. חיימעק, מילעק... קומט איצט אין אַ רעס־טאָראַן. איך הייס מיכאל נאָוואַק — האָט ער גערעדט צו אונדז מיט פרייד. היינט איז פאַר מיר אַ יום־טוב! אַזאַ טאָג איז אַ גרויסער יום־טוב!

אין רעסטאָראַן האָט ער אונדז געהייסן נעמען וואָס מיר ווילן, וואָס נאָר אונדז געפעלט.

מילעק איז געזעסן אַ טרויעריקער ביים טישל. אין וואַרעמען מאַנטל און אין נייעם היטל איז ער נישט געווען ענלעך צו זיך. שווייגנדיק האָט ער געקוקט אויף מיר, ווי ער וואָלט מיך נישט דערקענט. איך האָב נישט פאַרשטאַ־נען וואָס איז מיטאַמאָל מיט אונדז געשען. ווער איז דער מענטש, וואָס לאָזט אונדז נישט אָפּ אויף אַ רגע?

— וואָס זיצט איר אַזוי פאַרטראַכט, יינגלעך? — האָט דער אומבאַקאַנטער אונדז געפרעגט. — איצט וועלן שוין קומען גוטע טעג! וואָס ווילט איר עסן, טרינקען? וואָס שווייגט איר?

ער איז צוגעגאַנגען צום בופעט. שטיל געזאָגט עפּעס צו דער פרוי אין דער ווייסער שערץ. באַלד איז זי צוגע־קומען מיט אַ גרויסער טאַץ. אויף אַ טעלער זענען געלעגן פאַרשידענע קיכלעך מיט שאָקאָלאַד, מיט קעז. זי האָט נעבן אונדז אַוועקגעשטעלט גלעזער הייסע מילך און גע־רעדט מיט האַרץ:

— עסט און טרינקט... שוין גענוג געהונגערט, גענוג!
זי האָט גערעדט פּויליש, אָבער איך האָב באַלד דערקענט, אַז דאָס איז אַ יידישע פרוי. זי האָט געקוקט אויף אונדז מיט אַ סך רחמנות. באַטראַכט פון אַלע זייטן. אַוועקגע־גאַנגען און ווידער צוריקגעקומען. זי וואַרט אוודאי אויך אויף איר משפּחה. זוכט אירע אייגענע...

— וואָס, געלט? — האָט זי זיך אָנגעבייזערט אויף דעם מאַן, וועלכער האָט געוואָלט באַצאָלן. — נעמט, יינג־לעך, נעמט, — האָט זי גערעדט צו אונדז און יעדן געגעבן אַ שאַכטל. שטיל האָט זי געזאָגט אויף יידיש: מיין גאָט... יידישע קינדער... ווער ווייסט וואָס מיט אַלע איז געוואָרן!



— איך וועל אייך איצט צופירן אין קינדערהיים — האָט צו אונדז געזאָגט קאַראָל נאָוואַק. — דאָס איז אַ קיבוץ פון די ציוניסטן, נאָר איר זאָלט זיך נישט לאָזן איינרעדן קיין געשיכטעס מיט פּאַלעסטינע! די ציוניסטן ווילן אַלע קינדער ארויספירן פון פוילן... אויף אַ מדבר... איך וועל אייך שוין באַזאָרגן אין אַ בעסערער קינדערהיים. מיט גוטע לערער, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן! איר וועט שוין געפינען די משפחה. נאָר געדולד! געדולד! — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, — אין פוילן וועט איצט אַלץ אויפסניי זיך איינאָרדענען. איר זענט דאָך שוין נישט קיין קינדער. איר פאַרשטייט דאָך, היינט איז אַ נייע צייט, אַ נייע וועלט אויפגעקומען! — אַזוי האָט ער גערעדט צו אונדז וואָס אַמאָל אַלץ העכער, גייענדיק מיט אונדז איבער דער גאַס.

איך בין אים פאַמעלעך נאָכגעגאַנגען. אין איין האַנט האָב איך געהאַלטן אַ פּעקל זאַכן פון קאָמיטעט, אין דער צווייטער דאָס שאַכטל מיט די קיכלעך. איך האָב נישט פאַרשטאַנען זיינע רייד. איך האָב נישט געוווסט וואָס ער וויל אונדז באַווייזן. מילעק האָט אויך געשוויגן. פּונקט אַזוי ווי איך, האָט ער געטראַכט וועגן דער דירה, וואָס פרעמדע מענטשן האָבן פאַרנומען און ווילן אונדז נישט אַריינלאָזן אין אונדזער היים. מיט ברוגז האָט ער גע־פרעגט:

— ווו איז דאָ אַ שפּיטאָל?... איך וויל אויפזוכן מיין טאַטעשי...

— אַלץ איז איצט רעגיסטרירט, פאַרשריבן אין די ביכער! מירן זוכן און זוכן, ביז מיר וועלן געפינען! דער קאָמיטעט וועט אין אַלע צייטונגען שיקן אַ ליסטע פון די קינדער, וואָס זוכן די עלטערן. נאָר פריער מוז מען גיין אין אַ קינדערהיים, האָבן אַ רואיק אָרט.



איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן, ווי אין אַ פרעמ־דער שטאָט. איך האָב לאָדזש נישט דערקענט. אפשר דער־פאַר, ווייל איך האָב נישט געזען קיין יידן.

איך ווייס נישט וואָס איז מיט מיר געווען, איך האָב קוים געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם ווען איך בין אַריינגעקומען אין קיבוץ. איך האָב דערזען אַ פולע שטוב מיט קינדער. קליינע און גרויסע. אויפן טיש זענען געשטאַנען ליידיקע טעלער, שיסעלעך מיט קאַשע און קאַרטאָפל, רעפטלעך ברויט אויף אַ טעצל. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז נאָך מיטאָג.

— איך האָב אייך געבראַכט געסט, טייערע צוויי בחו־רים, — האָט געזאָגט קאַראָל נאָוואַק צו אַ הויך דאַר מיידל, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן די קינדער.

דאָס מיידל איז צו אונדז צוגעגאַנגען, געזאָגט: שלום. איך הייס בעלאַ, און ווי רופט מען אייך? זעצט זיך אָפּעסן. שפּעטער וועלן מיר זיך באַקענען. אויף אַ שיינער מסיבה זייט איר אַקוראַט אָנגעקומען. היינט איז ט״ו בשבט.

איר פּנים איז געווען בלאַס, ווי ביי אַלע קינדער. זי האָט זיך געאײלט און איז באַלד אַוועק צוזאַמען מיט די מיידלעך אָפּרוימען פון די טישן.

אַרום אונדז האָבן זיך אַוועקגעשטעלט קליינע און גרויסע קינדער. גענומען אויספרעגן: פון וואַנען קומט איר? ווו זייט איר געווען, ביי די פּאַרטיזאַנער? צי אין אַ בונקער? אַלע האָבן גערעדט צוזאַמען. פּויליש, יידיש, רוסיש.

דער מאַן, וועלכער האָט אונדז צוגעפירט אין קינדער־היים, איז אַוועק.

— איך ווין נישט ווייט פון דאַנען, איך וועל שוין צוקומען יעדן טאָג, — האָט ער געזאָגט צו אונדז.

אַלע יאָרן אין געטאָ און אין דאָרף האָב איך געמיינט, אַז איך וועל קיינמאָל נישט ווערן זאַט. און דאָ בין איך געזעסן ביים טיש און נישט געקאָנט עסן. די אַלע קינדער זענען אויך איינזאַמע, ווי איך. געקומען אַהיים און קיינעם נישט געפונען.

מילעק האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די ווענט, אויף די בילדער און אויף די העברעאישע אויפשריפטן. ער האָט זיך געפרייט, וואָס ער איז געקומען אין אַ קיבוץ. אין געטאָ האָט ער דאָך אויך געהערט צו אַן אָרגאַניזאַציע. ווידער זיך אַלץ דערמאָנט פון אַמאָל.

— דערווייל וועלן מיר אייך איינאָרדענען אין אַ צי־מער מיט קלענערע ייִנגלעך, — האָט געזאָגט בעלאַ. — מאָרגן, נאָך דער מסיבה, וועלן מיר שוין מאַכן אַן אַנדערן סדר. גייט זיך אַרומוואַשן, אויסרוען.

אין אַ ווינקל פון דער גרויסער עס־שטוב זענען גע־שטאַנען מיידלעך אין ווייסע בלוזקעס און געזונגען הויך: ט״ו בשבט הגיע... אין איילעניש האָבן עטלעכע ייִנגלעך געריייניקט דעם טיש. אַוועקגעטראָגן די טעלער און טעפּ־לעך. אויף אַ באַנק איז אַרויף אַ בחור און געקלעפּט לאַנגע בויגנס פּאַפּיר מיט צייכענונגען פון פּאַלמעס, שיפן און בערג.

פּאַרוואָס האָב איך ווידער קאָפּ־ווייטיק? עס איז דאָך שוין נאָך דער מלחמה, איך בין שוין ווידער אין לאָדזש. אַוועק פון דאָרף, פון באַלעבאָס.

די קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מילעקן. ער האָט זיי דערציילט, אַז אין געטאָ איז ער אַ סך מאָל גע־גאַנגען אין קיבוץ.

— אַ קיבוץ אין געטאָ? — האָבן זיך אפילו די לע־רערס געוואונדערט. — דערצייל, דערצייל זיי אַלע.

— און איך בין געווען אין אַ קאַלכאָז אין רוסלאַנד. אוי, סאַראַ הונגער איז דאָרט געווען! — האָט אַריינגערעדט אַ מיידל אין ברילן, — פון הונגער האָב איך אויפגעהערט צו זען!

די יינגלעך זענען אונדז נאָכגעגאַנגען אין צימער אַריין, זיך אַרומגעשטעלט אַרום בעט און מילעך האָט הויך אויפן קול דערציילט וועגן אונדזער יתומים־הויז, וועגן דעם ווי מיר זענען געשפרונגען פון דער באַן, וועגן דאָרף.

— קומט אַנטאָן ווייסע בלוזקעס, באַלד וועלן קומען די געסט! זיי האָבן געברענגט מתנות פון ארץ־ישראל! — האָט געזאָגט צו אונדז בעלאַ. אַלע זענען ארויס אין עס־שטוב. אויך איך האָב אָנגעטאָן אַ ניי ווייס העמד. געקוקט אויפן טיש, וואָס איז געווען אָנגעלייגט מיט זעקעלעך ראָ־זשינקעס, פייגן, באָקסער און טייטלען. אויף אַ טעלער זע־נען געלעגן גרויסע מאַראַנצן!

— דאָס זענען הייליקע פירות פון אונדזער לאַנד, פון יידישער אַרבעט! — האָט צו אונדז אַלעמען גערעדט אַ מדריך. — נאָך אַ ביסל און מירן אַוועקפאָרן, כדי צו טאָן די זעלבע אַרבעט פון זייען און פלאַנצן! איר דאַרפט נאָר אָננעמען פרישע כוחות און פאַרגעסן אַלץ, וואָס איז געווען.

די קינדער האָבן אָנגעהויבן זינגען און מילעך מיט זיין שיינער שטים האָט הויך געזונגען אויפן קול: עם יש־ראל חי, חי, חי. די מדריכים האָבן צעטיילט די זעקעלעך מיט די מתנות. זיי האָבן דערציילט, אַז יידישע זעלנער פון דער בריגאַדע, וואָס האָבן נקמה גענומען אין די דייטשן, זענען געקומען מיט די־אַ מתנות פון ארץ־ישראל. באַלד איז טאַקע געקומען אַ בחור פון דער בריגאַדע, און דערציילט ווי אַזוי יידן האָבן געקעמפט און געזוכט פאַרשידענע וועגן ווי אונדז צו העלפן. ער האָט אָנגעהויבן רעדן העברעאיש, אָבער די קינדער האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען, האָט ער גענומען רעדן פויליש.

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער מסיבה. אַוועק אין צימער, ווו מיינע זאַכן זענען געלעגן. אַלע האָבן הויך געזונ־

גען און זייער קול האָט אָפּגעהילכט איבערן לאַנגן קאָרי־דאָר. איך האָב אַוועקגעלייגט די גוטע זאַכן. אוי, ווי קאָנען זיי זינגען? די מלחמה האָט זיך טאַקע פאַרענדיקט, אָבער קיינער איז דאָך נישטאָ! נישט קיין משפחה, נישט קיין היים... וואָס וועט איצט זיין? ווי וועל איך לעבן איינער אַליין?



אינדערפרי האָב איך געוועקט מילעקן. זאָלן מיר אהיימגיין, אפשר איז דער טאַטעשי צוריקגעקומען, אָדער...

איך האָב אים גערופן און געשלעפּט פאַר די הענט, נאָר ער איז פעסט געשלאָפן. אפשר האָט ער זיך שפּעט געלייגט, אַרומגעגאַנגען מיט די יינגלעך, דערציילט וועגן דאָרף. אין זיין וואַרעמער, לאַנגער פּיזשאַמע, איז ער אין מיינע אויגן נאָך גרעסער געוואָרן. ער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר, אָבער איך האָב וועגן דעם קיינמאָל נישט געדענקט. צום ערשטן מאָל האָב איך אים איצט געזען אַ דערוואַקסענעם. איך האָב געזען, אַז דאָס בעט מיט די קישנס און דעקעס האָט אים אַריינגענומען אינגאַנצן. און דאָס בעט איז פאַר אים אַלץ. אויך פאַר מיר איז דאָס בעט געווען אַ טייער פאַרגעניגן! ווי לאַנג בין איך דאָס אין קיין ריין, וואַרעם בעט נישט געלעגן! און דערצו נאָך אין אַ נייער, שיינער פּיזשאַמע!

איך האָב מילעקן גערופן און געוועקט און ער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. איך האָב זיך אָנגעטאָן, עס איז נאָך שטיל געווען אומעטום, און איך בין אַרויס אויף דער גאַס. אָנגעהויבן לויפן צו אונדזער הויז. אין הויף בין איך אָבער נישט אַריין. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט ביים טויער און געוואַרט. אפשר וועט פּלוצים קומען די מאַמעשי, אָדער יאַדוויגאַ מיט דינהלען! דער שניי האָט אָנגעהויבן פאַלן. איך האָב גענומען גיין אַהין און צוריק. וואָס אַמאָל זענען אַלץ מער און מער מענטשן פאַרבייגעגאַנגען. איך בין יעדן נאָכגעגאַנגען, אַריינגעקוקט אין פּנים, נאָכגעקוקט.

אפשר ?... אפשר... די געשעפטן האָבן זיך אויפגעמאַכט, איך בין אַלץ נאָכגעגאַנגען יעדן און יעדעס מאָל געוואַרט אויף נאָך עמעצן, וואָס קומט אָן, און נישט געקענט אַוועקגיין פון טויער.

מיטאמאָל האָב איך דערזען לויפן מילעקן און נעבן אים די לערערין בעלא מיט א מדריך.

חיימעק, קום צוריק! — האָט אין שניי־ווינט געשריגן צו מיר מילעק — אָן אַ מאַנטל אָן אַ היטל? — האָט זיך געבייזערט די לערערקע. איך האָב אָבער געזען, אַז זי מאַכט נאָר אַזאַ אָנשטעל.

— ... מען דאַרף שרייבן בריוו צו דער משפחה... בריוו אין צייטונגען אין פארשידענע ערטער... אזוי געפינט מען נישט קיינעם — האָט גערעדט צו מיר דער מדריך.

איך בין געווען אזוי דורכגעפרוירן, אז אפילו די הייסע קאַווע האָט מיך נישט דערוואַרעמט. ווי לאנג בין איך געשטאַנען ביים טויער? פון וואנען האָט דאָס מילעק געוווּסט מיך צו זוכן ביי אונדזער הויז? די לערערין בעלאַ איז אריינגעקומען אין אונדזער צימער, אוועקגעזעצט זיך ביים טיש און אָנגעהויבן מיט אונדז לערנען עברית. פאמעלעך און מיט א סך געדולד האָט זי פארטייטשט יעדעס וואָרט. געלערנט אונדז שרייבן. ווען האָב איך דאָס לעצטע מאָל געהאלטן א בוך אין דער האַנט? יאָרן האָב איך געאַרבעט פון פרי ביז שפעט אין דער נאכט אריין, אין הונגער און אין קעלט. נישט געטראַכט וועגן גאָרנישט, נאָר געוואַרט, געוואָלט זען דעם סוף פון דער מלחמה. צי איז מיין מוח איינגעשלאָפן? איצט זע איך, אז איך האָב אַלץ פאַרגעסן, איך ווייס גאָרנישט. איך קען גאָרנישט. בעלאַ האָט נישט אויסגעפרעגט, ווי איז עס געווען אין געטאָ, נישט ווי איז עס געווען אין דאָרף. די קינדער דערציילן, אז זי איז געווען מיט די פאַרטיזאנער אין וואלד!

יעדן טאָג האָט זי זיך מיט אונדז אוועקגעזעצט, דערציילט וועגן ארץ־ישראל, און איבערגעחזרט: מען דאַרף א סך לערנען, אָניאָגן די צייט. איך האָב אָבער געהערט דאָס קול

פון באלעבאָס: „נאָר עסן ווילן זיי, די דאַרמאָזיאַדעס! פולע שיסלען!״ דערנאָך דאָס קול פון יאָסעלעס פאָטער: „די ישועה קאָן קומען יעדן טאָג!״

מילעק האָט זיך גענומען לערנען מיט א סך ברען. ער האָט אויך געמאכט צוזאמען מיט אלעמען גימנאסטיק, געלערנט זיך זינגען אין כאָר. ביז שפעט אין דער נאכט האָט ער געלייענט און געשריבן. און איך האָב ארויסגעריסן א זייט פון העפט און צום ערשטן מאָל אין לעבן האָב איך אָנגעהויבן צייכענען. איך ווייס אליין נישט, ווי אזוי האָט זיך אזוי גוט ארויסבאקומען דינהלעס פנים, ווי איך וואָלט זי ערשט נאָר וואָס געזען? נעבן איר איז געשטאַנען יאדוויגא אין איר לאַנגן געלאַטעטן טוך. דערנאָך די מאמעשי, ווי זי שטייט ביי דער גרויסער שיסל מיט וועש. דעם זיידן מנשה אין זיין טלית. שעהן זענען אדורך און איך האָב יעדעס מאָל א ניי בילד געצייכנט.

קום, מילעק אין געטאָ — האָב איך אים אַ סך מאָל געבעטן. — לאָמיר א קוק טאָן אויפן הויז, ווו מיר האָבן געוווינט.

— דער געטאָ איז שוין פון לאנג נישטאָ — האָט ער מיר געענטפערט מיט דער זעלבער שטים, ווי ער האָט עס מיר אמאָל געזאָגט אין דאָרף. איצט האָט ער אָבער א נייע האָפענונג באקומען. — מיר וועלן נאָך געפינען די משפחה... איך בין זיכער... נאָר דערווייל מוז מען לערנען, א סך ארבעטן!

אויפן טיש זענען געלעגן זיינע העפטן און ביכלעך. מיטאמאָל האָט ער גענומען זיך בייזערן, שרייען אויף מיר:

— וואָס טוסטו גאנצע טעג? ליגסט אין בעט און מאכסט זיך צו נאר, שמירסט אויס איין פאפיר נאָכן צווייטן! לערנסט נישט! וואָס וועט ווערן פון דיר?

איך בין קראנק געוואָרן. עס האָט מיר גאַרנישט וויי געטאָן, אָבער איך האָב נישט געקענט אויפשטיין. אפילו עסן האָט מען מיר צוגעברענגט צום בעט.

— וואָס איז מיט דיר? פארוואָס ליגסטו אין בעט? —

האָבן געפּרעגט די קינדער. — ווייז דיינע בילדער, וואָס דו האָסט אָנגעמאָלט!

נאָר די לערערין בעלא האָט גאָרנישט געפּרעגט. זי האָט געקוקט אויף די צייכענונגען. אַ לאַנגער צוג מיט אַ סך וואַגאָנען, אַ וואַלד מיט הויכע, געדיכטע ביימער. זי האָט געשוויגן. געבּרענגט אַ נייעם גרויסן העפט מיט לאַנגע בויגנס פּאַפּיר, און אַוועקגעלייגט אויף מיין בעט.

דער הער קאַראָל נאָוואַק פלעגט אָפט קומען אין קינדערהיים. מיט אַ שמייכל אויפן פּנים האָט ער געקוקט אויף אונדז. „שוין אַנדערע מענטשן געוואָרן — האָט ער געזאָגט אַ צופרידענער. עסן, עסן זאָלט איר מיט אַלע ציין!" ער האָט געלאַכט אויפן קול. „איצט וועל איך נישט אָפּטרעטן, איצט קומט איר צו מיר. וויפל מאָל האָב איך דאָס געבעטן, איר זאָלט קומען! מיין פרוי וואַרט אויף אייך."

— קום, קום ארויס פון בעט! — האָט מילעק מיך אָנגעהויבן ציען פאַר די הענט, ביז איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין מיטגעגאַנגען אין דער וווינונג פון קאַראָל נאָוואַק.



א גרויסע, רייכע וווינונג האָט ער געהאַט, מיט טייערע מעבל. בילדער אויף די ווענט, בלומען און טייערע וואַזאָנען, דיוואַנעס אויף דער פּאָדלאָגע. זיין פרוי איז געווען אַ פּוילישע, מיט לאַנגע בלאָנדע האָר. זי האָט זיך דערפרייט מיט אונדזער קומען. צוגעפירט צו דער ביבליאָטעק מיט אַ סך ביכער און געזאָגט מיר זאָלן זיך אויסזוכן וואָס אונדז געפעלט.

איך האָב אָבער געקוקט אויף די וואַזאָנען מיט בלומען. די מאַמעשי האָט אויך ליב געהאַט אַנצושטעלן אין אַלע ווינקעלעך בלומען.

— קומט צום טיש — האָט דער הער נאָוואַק געבעטן און געוויזן וואָס אַלץ זיין פרוי האָט צוגעגרייט.

— זענען דאָס די יינגלעך, וואָס דו האָסט אין אַ העלן טאָג געפונען אין מיטן גאַס? — האָט זי געפרעגט און גע־לאַכט צו אים. שוין לאַנג האָב איך אַזאַ ליבלעך לאַכן נישט געהערט. זי האָט אַלץ געטאָן עס זאָל זיין פריילעך אין דער שטוב. נאָוואַק האָט גערעדט צו אונדז, ווי ער וואָלט אונדז געקענט שוין פון לאַנג. דערציילט ווי ער האָט די דייטשן אָפּגענאַרט. די גאַנצע מלחמה אַרומגעגאַנגען אין לאָדזש אויף אַרישע פּאַפּירן. ער האָט הויך געלאַכט פון די שפּיצ־לעך, וואָס ער האָט זיי אָפּגעטאָן. אָבער זיין געלעכטער איז געווען אַנדערש ווי דאָס געלעכטער פון זיין פרוי. די אויגן זענען נישט געווען פריילעך ווי ביי איר, און איך האָב גע־זען, אַז ער קאָן נישט לאַכן. אויך איך האָב נישט געקאָנט לאַכן, פון דעם וואָס ער האָט אַלץ דערציילט. איך האָב פאַר־געסן ווי מען לאַכט.

זיי האָבן צוגערוקט צו אונדז די טעלער מיט וווּרשטן און פליישן. מאכלים, וואָס איך האָב קיינמאָל אפילו נישט געחלומט צו זען. געבראָטענע קאַרטאָפל און געוויקלט קרויט. דערנאָך געפילטע קיכלעך! א סעודה האָבן זיי פאַר אונדזביידע געמאַכט. דערנאָך האָט אונדז ה׳ נאָוואַק אריינ־געפירט אין זיין צימער און אָנגעהויבן אויספרעגן: וואָס מיינט איר צו טאָן? מיט וואָס קאָן איך אייך העלפן? מען דאַרף טראַכטן פון אַ צוקונפט! היינט איז א ניי לעבן! ווער עס וויל לערנען, קאָן גיין אָן געלט אויף קורסן, אויף אוני־ווערסיטעטן! מען דאַרף נישט כסדר אריינטראַכטן אין דעם וואָס איז געווען, האָט ער געזאָגט. מענטשן קומען פון רוס־לאַנד. וואָס אמאָל וועלן קומען אַלץ מער. אין שוועדן גע־פינען זיך א סך אָפּגעראַטעוועטע יידן אין די שפּיטעלער. אויך זיי וועלן קומען. יינגלעך, יעדער טאָג איז היינט טייַ־ער. מען דאַרף זיך נעמען אין די הענט אריין, ווערן מענטשן! אַרבעטן און לערנען!

— וואָס פּרעדיקסטו זיי אָן אַ סוף? — האָט די פרוי גע־זאָגט צו אים און אַרויפגעלייגט מיט א געלעכטער די הענט אויפן מויל. — זיי פאַרשטייען שוין אַלץ אליין. זיי זענען

נישט קיין קינדער. זאָגט מיר בעסער, ווען איז אייער געבורטסטאָג? וואָס וואָלט איר למשל געוואָלט קריגן? — האָט זי געפרעגט קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן.

ווען איז מיין געבורטסטאָג? — האָב איך איבערגעפרעגט — איך געדענק נישט. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָב איך געענדיקט ניין יאָר.

מילעק האָט געשוויגן. אויך ער האָט נישט פאַרשטאַנען אזא פראַגע. וואָס עפּעס מיטאמאָל א געבורטס־טאָג?

— אז איר זייט געבוירן געוואָרן, איז דאָך אַ פאַקט — האָט זיך געוויצלט דער ה׳ נאָוואק. בלייבט איצט נאָר צוצוגיין צום מאַגיסטראַט און ארויסצונעמען א מעטריקע, לויט דער ליסטע פון לאָקאטאָרן־בוך. און אָט זייט ווי ניי־געבוירן! ווי גוט וואָלט דאָס געווען, ווען איך וואָלט איצט אויפסניי געבוירן געוואָרן!

זיין פרוי איז צוגעגאנגען צום בופעט און ארויסגענומען צוויי לעדערנע טעקעס. זיי זענען געווען ניי און דאָס לעדער האָט אזוש געפינקלט.

— דאָס איז אַ מתנה צו אייער געבורטסטאָג — האָט געזאָגט די פרוי אירענא און דערלאנגט יעדן פון אונדז אַ טעקע. — איצט דאַרף מען נאָך אויסטרינקען פאר אייער געזונט! איר זאָלט פון היינט אָנהייבן אלץ פונדאָסניי!

אויף אזא שיינער מתנה האָב איך זיך נישט געריכט. איך האָב געקוקט אויף דער טעקע און נישט פאַרשטאַנען: וואָס קומט דאָ פאָר? פארוואָס האָבן זיי אונדז פארבעטן אין זייער דירה און געמאכט אזא סעודה? ווער זענען זיי?

מיר האָבן זיי געדאנקט פאר אַלץ, און צוריקגעגאנגען אין קיבוץ. איך האָב זיך געטראכט, אַז אויך אין די היינטיקע צייטן, געשעען נסים.

אויף די טרעפּן זענען מיר א רגע געבליבן שטיין. איך האָב איבערגעלייענט דאָס שילדל אויף זייער טיר: „קאַראָל נאָוואַק — אַרכיטעקט״.



אין קיבוץ זענען אָנגעקומען קינדער פון רוסלאַנד. זיי האָבן געהאַט רוסישע נעמען ווי: קאָליאַ, מישקא, סאַשאַ, און גערעדט האָבן זיי צווישן זיך נאָר רוסיש. זיי זענען אַלע געווען אויסגעדאַרט און געטראָגן צעריסענע בגדים. נאָך יעדן עסן האָבן זיי פון טיש צוזאַמענגענומען די רעשטלעך ברויט און באַהאַלטן אין די טאַשן. זיי האָבן שטענדיק מורא געהאַט, אַז ברויט קאָן אויספעלן. מיט יעדן טאָג זענען אַלץ מער קינדער אָנגעקומען פון רוסלאַנד.

איינמאָל זענען געקומען צופאָרן צוויי מיידלעך פון אַ קלויסטער. יעדע פון זיי האָט געטראָגן אַ צלם אויפן האַלדז. זיי זענען געשטאַנען אין אַ זייט, אָפּגערוקט פון אונדז, און נישט געוואָלט זיך זעצן מיט אונדז צוזאַמען. געשטאַנען אין אַ ווינקל און געוויינט. זיי האָבן געוואָלט צוריק אין קלויס־טער.

בעלא האָט זיי געבעטן, זיי זאָלן אָפּעסן און גיין שלאָ־פן, זיך אויסרוען. זיי האָבן אָבער געזאָגט, אַז זיי קאָנען נישט גיין שלאָפן, ווייל אין צימער איז נישטאָ קיין הייליק בילד!... אַלע קינדער זענען געשטאַנען פון דער ווייטנס, געקוקט אויף די מיידלעך מיט די צלמלעך און געשוויגן. נאָר מילעק האָט הויך אויפן קול אַ זאָג געטאָן: זאָלן זיי צוריקגיין אין קלויסטער, אויב זיי ווילן נישט זיין מיט אונדז.

בעלא האָט זיי אַריינגעפירט צו זיך אין צימער. אינ־דערפרי צום פרישטיק זענען זיי אַריינגעקומען אָן דעם צלם, אָנגעזעצט זיך ביים טיש און געגעסן מיט אַלע צוזאַמען.

דערנאָך זענען געקומען קינדער פון אַ פּוילישן קינדער־הויז. עס איז געוואָרן אַזוי ענג, אַז עס איז שוין נישט גע־ווען קיין אָרט ווו צו שלאָפן, ווו זיך וואַשן. די בייע לע־רערקעס האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף פאַרזאָרגן קודם די קליינע קינדער, רופן דאָקטוירים און געבן זיי ספּעציעלע עסנס.

— וואָס האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט די אַלע קליינע

קינדער? — האָט געזאָגט צו מיר מילעק. — אין יידישן קאָמיטעט וועט מען אונדז געבן אַן אַנדער אָרט. מען דאַרף צוריקגיין אין קאָמיטעט



בעלא האָט מיך אריינגערופן אין איר צימערל און גע־פרעגט: געדענקסטו אין וועלכע שטעט האָט געוווינט אייער משפחה, קאָנסטו זיך דערמאָנען?

— יאָ, איך געדענקט — האָב איך איר געענטפערט. — אין אַלע שטעט פון פוילן האָבן געוווינט די שוועסטער און ברידער פון מיין מאַמעשי. דער טאַטעשי האָט געהאט א גרויסע משפחה אין בענדין, טשענסטאָכאָוו, קאַטאָוויץ... אוי, ווו זענען זיי אַלע? — האָב איך אויסגערופן. קיינער ענט־פערט נישט אויף די בריוו אין די צייטונגען!

— ווילסטו אַריבערפאָרן אין אַ צווייטער קינדער־היים פאַר דערוואקסענע קינדער, אָפּגעראַטעוועטע ווי דו? אפשר וועסטו דווקא דאָרט געפינען עמעצן פון דיין משפחה?

מיטאַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם ווייב פון מיכאל בעדנאַרעק. פאַרשטאַנען, אַז זי איז געווען קראַנק פון בענקען און וואַרטן, אזוי ווי איך. אויך מילעק האָט גע־וואָלט אַריבערפאָרן אין אַן אַנדער קינדער־הויז. ער האָט געזאָגט, אַז מען מוז אַוועק פון לאָדזש. ער וויל אַרומפאָרן איבער אַלע שפּיטעלער, ביז ער וועט אָפּגעפינען דעם פאָ־טער. דערנאָך וועט ער ווערן אַ מדריך און וועט אַוועק מיט די אָפּגעראַטעוועטע קיין פּאַלעסטינע.



א סך נייע זאכן האָבן מיר באַקומען. אַ מדריך האָט אונדז געבראכט א גרויסע וואליזע און יעדער פון אונדז האָט פאַרפאַקט די זאכן. וויפל זאכן האָב איך דאָס?! איך האָב זיך נישט געקאָנט צוגלויבן. שיך און העמדער. זאָקן און בלוזקעס, סוועטערס און לאנגע וואַרעמע הויזן. דאָס

אלץ האָבן געשיקט יידן פון אַמעריקע! און איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אין דאָרף, ווען איך בין ארומגעגאַנגען אין די שמוציקע צעריסענע הויזן, אַז עמע־צער וועט מיך אַמאָל באַזאָרגן מיט אזויפיל זאַכן.

די גרעסערע יינגלעך האָבן געפרעגט פארוואָס איך פאָר אַוועק מיט מיין ברודער. אַלע האָבן זיי געמיינט, אַז מילעק איז מיין אמתער ברודער. איך האָב זיך צוגעווינט צו אַלע קינדער. זיי האָבן מער געליטן פון מיר. אַ סך פון זיי האָט נישט געדענקט דעם נאָמען פון זייערע עלטערן, נישט געוווסט, ווו זיי האָבן געוווינט. געכאָוועט זיך אין דערפער ביי פויערים. אפשר ווייסט אויך דינהלע נישט ווו צו זוכן איר משפחה? אפשר איז די גוטע יאדוויגא גע־שטאָרבן? — האָב איך געפרעגט בעלאַן. זי האָט אלץ גע־ווּוסט וועגן מיין משפחה, איך האָב איר אלץ דערציילט. זי האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז איצט ברענגט מען יעדן טאָג אָפּגעראַטעוועטע קינדער אין יידישן קאָמיטעט, אַז אלץ איז ביי זיי פאַרשריבן און א סך, א סך משפחות וועלן זיך נאָך אָפּגעפינען. איך האָב אָבער געזען, אז זי אליין האָט אויך קיינעם נישט, און נישט אַלע קומען צוריק. דאָס האָט מילעק נאָך אין דאָרף געוווסט, נאָר ער האָט מיר נישט געוואָלט דערציילן.



קאַראָל באָוואַק איז פאַר אונדזער אָפּפאָרן געקומען אין קיבוץ און געזאָגט, אז ער וועט אונדז נישט לאָזן פאָרן אליין. צוזאמען מיט אונדז איז ער געגאַנגען צו דער באַן. מיר האָבן לאַנג געוואַרט אויפן וואָקזאַל. עס איז שוין געווען וואַרעם, דאָך האָבן די מענער געטראָגן וואַרעמע שובעס און די פרויען טיכער אויף די קעפּ. פאַרוואָס איז דער ה׳ קאַראָל באָוואַק מיט אונדז מיטגעפאָרן? צוגעהאָלפן אין יע־דער זאַך? לאנג זענען מיר אזוי געפאָרן. וואָס ווייטער איך בין אַוועק פון לאָדזש, אַלץ לייכטער איז מיר געוואָרן. ניין, אין לאָדזש האָב איך נישט געקאָנט בלייבן! אונדזער הויז

האָבן פֿאַרכאַפּט פרעמדע מענטשן! אַ סך מאָל פלעג איך אהינלויפן, אַוועקשטעלן זיך ביים טויער און וואַרטן. אפשר, אפשר וועט עמעצער צוריקקומען? מילעק איז אויך מיטגע־פֿאָרן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל ארומפאָרן איך אַלע שפּיטעלער. ער איז זיכער, אז ערגעצווו אין אַ שפּיטאָל ליגט זיין פאָטער.

דער וואגאָן איז געווען פול מיט מענער און פרויען. פֿויערים מיט זעק און הילצערנע קעסטלעך. עס איז געווען אזוי אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און זאַכן, אַז קיינער האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. אַלע האָבן אָפּגעלאַכט פון יידן. האָט עמעצער געוואָלט אריין אין א צווייטן וואַגאָן, זוכן אַ בעסער אָרט, האָבן זיי געשריגן צו אים: „ער דרייט זיך ווי אַ ייד! קאָן נישט איינזיצן אויפן אָרט!" איז אַ פּויער איינ־געשלאָפן און זיך געשאָקלט פון דער באַן־וואַקלעניש אויף דער באנק, האָט אַן אַנדערער אַ זאָג געטאָן: „איי ווייי, איי ווייי... ווי ער שאָקלט זיך דאָס, אַזוי ווי אַ זשיד!" „זיי קומען שוין צוריק... פון אומעטום קומען זיי!" — האָבן אַלע אויפן קול גערעדט.

דער ה׳ נאָוואק איז געזעסן מיט פאַרביסענע ליפּן און האָט געשוויגן. מילעק איז רויט געוואָרן פון כעס. איך האָב געזען, אַז אָט וועט ער אויפשפּרינגען און אויסשרייען: וואָס האָבן אייך די יידן געטאָן, וואָס האָבן זיי ביי אייך צוגענו־מען?! און איך האָב געוואָלט פרעגן: פאַרוואָס זידלט איר נישט די דייטשן? זיי האָבן דאָך געברענגט אַן אומגליק פאַר אַלעמען!...

אָבער דער ה׳ נאָוואַק האָט מילעקן א צי געטאָן צום פענצטער און געזאָגט: „זע סטאַך, ווי שיין עס גייט אויף דער פרילינג! קוק ארויס אויף די פעלדער".

וואָס פאַר אַ שיינער פרילינג איז דאָס, האָב איך מיר געטראַכט, אַז ווידער לאַכט מען אָפּ פון יידן! און דאָס זענען נישט קיין דייטשן, נאָר פּאָלאַקן!

אויף די סטאַציעס האָט אונדז דער ה׳ נאָוואַק פאַרטיילט עסן פון זיין טעקע. און איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער

וויל ווייזן, אַז מיר פֿאָרן מיט אים, ווי ער וואָלט דאָס אונ־
דזער פֿאָטער געווען.



מיר זענען שפּעט אָנגעקומען אויפֿן אָרט. אין קינדער־היים זענען שוין אַלע געשלאָפֿן. אַ נידעריקע דיקע פֿרוי האָט אונדז געעפֿנט די טיר. איך האָב געמיינט, אַז זי איז די באַלעבאָסטע פֿון דער היים. זי האָט אָבער אויסגעצויגן צו אונדז ביידע הענט און אויסגערופֿן אַ פֿאַרוווּנדערטע: „פֿון וואַנען קומען דאָס די בחורים אזוי שפּעט?״ — און מיט פֿרייד האָט זי אָנגעהויבן רעדן: „יידישע קינדער, אָפּגע־ראַטעוועטע פֿון מבול, גאָט צו דאַנקען! זי האָט אונדז אַריינגעפֿירט אין אַ צימער און זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן ה׳ נאָוואַק: איך בין לאָטאַ, די לייטערין פֿון דער היים.

נאָר אַ טישל און צוויי בענקלעך זענען ביי איר גע־ווען. זיצט, זיצט אויך אויפֿן בעט, האָט זי אונדז געבעטן. דאַן איז זי צוגעגאַנגען מיט אַ טעפּל צו דער עלעקטרישער פּלאַטע, כדי צו מאכן אַ קאַווע.

ווען דער ה׳ נאָוואַק האָט איר דערלאַנגט דעם בריוו, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פֿון לאָדזש, האָט זי אפֿילו אים נישט געוואָלט לייענען.

— איך דאַרף נישט קיין בריוו, נישט פֿון קאָמיטעט און נישט פֿון קיבוץ — האָט זי געזאָגט. — מיין היים איז אָפֿן פֿאַר אַלע! — זי האָט געשניטן ברויט אויף א טאַץ און דערציילט:

— ווי נאָר די דייטשן זענען אַוועק, האָב איך זיך געלאָזט אין די דערפֿער זוכן יידישע קינדער. איינגעהילט אין אַ טוך, אין הויכע שטיוול, בין איך געגאַנגען איבער די כאַטעס. געפֿונען ביי די פּויערים אָפּגעדאַרטע, אָפּגעהאָר־וועטע קינדער. אַלע אין שמאַטעס, באָרוועסע. איך האָב זיי אַריינגענומען צו זיך, אָרומגעוואַשן, אָנגעטאָן, גערופֿן דאָקטוירים. דערנאָך בין איך אַוועק אין קאָמיטעט און געזאָגט: מען מוז מאַכן אַ קינדער־היים. נישט א יתומים־

הויז, נאָר אַ היים! זיי זענען נישט באַשטאַנען. געזאָגט, אַז איך בין נישט קיין פּעדאַגאָג. געהערט אַזאַ זאַך?! עס האָט זיי אָבער גאָרנישט נישט געהאָלפן. איך האָב געבראַכט וואָס אַמאָל אַנדערע קינדער. און זיי האָבן שוין געמוזט געבן בגדים און עסן! אַלץ וואָס מען דאַרף. בעטגעוואַנט און געשיר. גייט אַריין אין די צימערן, זיי שלאָפן נאָך נישט. יעדער ליגט ווי אַ קייסער! — האָט זי גערעדט מיט נחת און באַלייגט דאָס ברויט מיט קעז און שפּראָטן פון פּושקעס.

אירע אויגן האָבן געלויכטן און דאָס פּנים איז געווען פול מיט גוטסקייט. גאָרנישט אַזאַ מיאוסע, ווי עס האָט זיך אויסגעדוכט אין דער ערשטער רגע.

— דאָס איז אָבער נישט אַלץ, האָט זי ווייטער דער־ציילט. דערנאָך האָב איך צוזאַמענגערופן עטלעכע מענער. מיר האָבן געדונגען אַ וואָגן מיט פערד און זענען געפאָרן אין די נאָענטע וועלדער. דאָרט האָבן מיר געפונען אין די ראָוון מענער מיט קראַנקע קינדער. דערוואַקסענע יינגלעך. אוי, ווי זיי האָבן אויסגעזען! זיי האָבן מורא געהאַט אַרויס־צוגיין פון ראָוו. נישט געגלויבט, אַז די דייטשן זענען אַוועק! דרייסיק יוגנטלעכע זענען איצט פאַראַן ביי מיר! אַן אמתע היים האָבן זיי דאָ! — האָט זי אויסגערופן מיט שטאָלץ. — זיי וועלן לערנען, אויסהיילן זיך פון די קראַנק־הייטן. אַ סך פון זיי וועלן אָפּגעפינען די משפחה. ס׳מוז נאָר דויערן. די וועלט איז דאָך איבערגעקערט געוואָרן, ס׳איז דאָך געווען א מלחמה קעגן פרויען און קינדער!...

מיט אַמאָל איז זי שטיל געוואָרן און געפרעגט: — און איר יינגלעך, פון וואַנען קומט איר? ווו זייט איר געווען די גאַנצע צייט? געאַרבעט אין דאָרף? גוט, גוט! אַלץ איז שוין אַדורך! עסט און טרינקט, — האָט זי גערעדט, ווי זי וואָלט אונדז שוין לאַנג געהאַלטן אין איר „היים”. מאָרגן וועלן מיר זיך אַדורכרעדן, זיך בעסער באַקענען.

איך האָב זיך צוגעהערט צו אירע רייד, און צום ערשטן מאָל זינט דער מלחמה איז מיר לייכטער געוואָרן אויפן

האַרץ. אויך דער ה׳ נאָוואַק האָט אויסגעהערט אירע רייד מיט באַוווּנדערונג. עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

עס איז אַריין אַ הויכער, אַ קרעפּטיקער און שיינער מענטש.

— דאָס איז מיין מאַן, — האָט די פרוי געזאָגט צום ה׳ נאָוואַק. באַלד איז ער אַרויס נאָך אַ בענקל.

— דאָס מעבל איז ביי די קינדער, — האָט די פרוי געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט וואָס זי האָט נישט קיין זאַך ביי זיך אין שטוב.

מיר האָבן געגעסן און געטרונקען, געזעסן אַלע צוזאַ־מען ביי איר טישל, ווי ביי אַ משפחה־טיש. ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען וואָס זי האָט געמיינט ווען זי האָט געזאָגט, אַז קינדער דאַרפן נישט קיין יתומים־הויז, נאָר אַ היים.

פון באַלקאָן האָט דער מאַן אַרויסגעטראָגן פאַר אונדז אויסלייג־בעטלעך און די לייטערין האָט געזאָגט: איצט, קינדער, אַ גוטע נאַכט! אָבער היינט וועט איר שלאָפן אין קאָרידאָר. מאָרגן וועט שוין זיין אַ צימער פאַר אייך, ווי פאַר אַלע קינדער.

איך האָב אַרונטערגערוקט די וואַליזע אונטערן בעטל און געלייגט זיך שלאָפן. דאָס ליילעך איז געווען ריין. דער קישן ווייך און די דעקע איז געווען וואַרעם.

— אפשר ווילט איר נאָך אַ דעקע, נאָך אַ קישן? — האָט געפרעגט די פרוי לאָטאַ און פאַמעלעך מיר געגלעט דעם קאָפּ. איר האַנט איז געווען וואַרעם און ווייך, ווי ביי דער מאַמעשי, האָב איך אַ טראַכט געטאָן און פאַרשטאַנען, אַז די מאַמעשי וועט שוין קיינמאָל ביי מיין בעט נישט שטיין ביינאַכט פאַרן שלאָפן זיין. פּונקט אַזוי איז די פרוי לאָטאַ צוגעגאַנגען צו מילעקן פרעגן, צי עס פעלט אים עפּעס. די דערוואַקסענע האָבן ווייטער שטיל גערעדט ביים טיש, וועגן אַלע פון דער „היים״, וועגן די קראַנקהייטן ביי

די מיידלעך, וועגן דעם וואָס פאַראַ צרות עס טוען אָפּ די ייִנגלעך. איך האָב געהערט, ווי דער ה׳ נאָוואַק האָט גע־פרעגט דעם מאַן:

— ווי גיט זיך עס אייער פרוי אַן עצה מיט אַזוי פיל דערוואַקסענע קינדער יתומים?

— איך בין דאָ אויך געקומען ווי א יתום — האָט דער מאַן געענטפערט. אויך מיך האָט זי געפונען אַ קראַנקן און פאַרלאָזענעם. ביי מיין פרוי זענען די דערוואַקסענע אויך קינדער...



אינדערפרי ביים פרישטיק האָב איך דערזען אַלע ייִנגלעך און מיידלעך פון דער „היים". אין מיין עלטער זענען זיי געווען. באַלד נאָכן עסן זענען מיר אַריין אין אַ גרויסן צימער לערנען. כמעט אַלע האָבן קוים געקענט לייענען און שרייבן. „מיר וועלן אַלץ דעריאָגן" — האָט געזאָגט די לערערין ראָזאַ. „ווער עס וועט זיך נעמען מיט ווילן צום לערנען, וועט אַלץ קענען. איבעראַיאָר וועט שוין זיין אַן אייגן הויז מיט אַ גאָרטן. מיר וועלן איינפירן קלאַסן ווי אין יעדער שול. אויך אַ קלאַוויר וועלן מיר באַקומען. דערווייל אָבער מוזט איר לערנען צוזאַמען".

אוודאי קאָן קיינער פון אונדז נישט גיין אין אַ שול און זיצן מיט קליינע קינדער צוזאַמען, האָב איך געטראַכט. אַלץ וואָס איך האָב אַמאָל געלערנט, האָב איך פון לאַנג פאַרגעסן. נאָכן מיטאָג אָבער, ווען אין מיין צימער האָבן זיך די ייִנגלעך אָוועקגעזעצט מאַכן די אויפגאַבן, האָב איך גענומען מיין העפט און אָנגעהויבן צייכענען. פריער דעם טאַטעשי מיטן רוקזאַק, ווי ער גייט אָוועק פון אונדז, דער־נאָך די גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט. די באָבעשי, דבורהלע אין בעט איינגעהילט אין אַ טוך. לודוויק און יאַשאַ האָבן זיך צוגעקוקט ווי איך צייכן און מילעק איז אַ ברוגזער געזעסן אויסגעדרייט. געלערנט אויסנווייניק און שטיל

**איבערגעחזרט יעדעס וואָרט. ער האָט געלערנט באַזונדער אין א צווייטער גרופע.**

★

עס זענען אַדורך צוויי וואָכן און מיר האָבן פון הער נאָוואַק נישט באַקומען קיין ענטפער אויף די בריוו. ער האָט ביים אָפּפאָרן געזאָגט, אַז ער וועט צו אונדז שרייבן, און אז ווען עס וועט נאָר זיין מעגלעך, וועט ער קומען. וואָס קאָן דאָס באַדייטן? — האָט מילעק געפרעגט. צי האָט ער אונדז פאַרגעסן? איך האָב געוואָלט נאָכאַמאָל אָנשרייבן אַ בריוו, אָבער די פרוי לאָטאַ האָט געזאָגט, אַז יעדן טאָג קומען אָן בריוו און דער ה׳ נאָוואַק איז פאַרנומען, ער האָט דאָך אַ גאָר וויכטיקע אַרבעט, ער איז אַן אַרכיטעקט!

און אָט פּלוצים איז געקומען זיין פרוי, אירענאַ.

זי איז אריינגעקומען מיט דער לייטערין אין אונדזער צימער. אזוי בלייך איז זי געווען, ווי נאָך א קראַנקהייט. געבערענגט פאַר מיר און פאַר מילעקן אַ פּעקעלע, אַ מתנה, דערנאָך אַוועקגעזעצט זיך ביים טישל און געפרעגט:

— אפשר געדענקט איר, וואָס האָט מיין מאַן אייך גע־זאָגט פאַרן אָפּפאָרן? צי האָט איר פון אים באַקומען אַ בריוו? קאַראָל איז נישט צוריקגעקומען — האָט זי געזאָגט מיט אַ דערשטיקט קול.

מילעק האָט געקוקט אויף דער פרוי נאָוואַק מיט גרויס איבעראַשונג און שרעק. — וואָס הייסט? — האָט ער גע־פרעגט, ווו איז דער ה׳ נאָוואַק? מיר וואַרטן דאָך די גאַנצע צייט אויף אַ בריוו!

איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס עס רעדט די פרוי אי־רענא. זי קומט דאָך פון לאָדזש! פון דער היים!

— איך ווייס נישט וואָס איז געשען מיט מיין מאַן — האָט געוויינט די פרוי אירענא און געבראָכן די הענט. זי האָט נישט געוואָלט זיך אָפּרוען. אַפילו עפּעס אָפּעסן. זי מוז שוין צוריקפאָרן. — איר זאָלט מיר באַלד שרייבן, ווי נאָר איר וועט באַקומען אַ בריוו — האָט זי זיך ביי אונדז גע־

בעטן. איך וועל אים זוכן אומעטום! ווער ווייסט וואָס מיט אים איז געשען — זי האָט געוויינט אויפן קול און דאָס גאנצע פנים איז געווען נאַס פון טרערן.

די נאַכט האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן. וואָס האָט געקענט פּאַסירן מיטן ה׳ נאָוואַק? — האָב איך אריינ־געטראַכט און נישט געקענט געפינען קיין תשובה. אויך מילעק איז די נאכט נישט געשלאָפן.

— דאָס איז די א. ק. — האָט ער צו מיר געררעדט שטיל, כדי נישט אויפצוועקן לודוויקן. — נאָר די א. ק. מאכט אזעלכע זאַכן!

איך האָב געהערט, אַז עס זענען פאַראַן אַזעלכע באַנ־דעס, וואָס שלעפּן אַרויס יידן פון די באַנען, באַרויבן און הרגענען אפילו. אָבער איך האָב אין דעם נישט געקענט גלויבן. עס איז דאָך שוין נאָך דער מלחמה! און ה׳ נאָוואַק איז דאָך נישט געווען ענלעך צו קיין ייד! ווי האָט דאָס גע־קענט פּאַסירן אַזאַ זאַך? — האָב איך געפרעגט אָן אויפהער.

— פאַרוואָס?

— ווי אזוי האָט דאָס געקענט פּאַסירן? — האָט מילעק אָנגעהויבן שרייען אין מיטן דער נאכט. — האָסטו נישט גע־הערט, ווי זיי האָבן אָפּגעלאָכט פון יידן אין וואַגאָן? איצט זענען זיי בייז וואָס די יידן קומען צוריק! וואָס היטלער האָט נישט אויסגעהרגעט אלע!



אלץ וואָס דער ה׳ נאָוואַק האָט פאַר אונדז געטאָן איז מיר ווידער אויפגעקומען אין זכרון. פון דעם טאָג, וואָס ער האָט אונדז געטראָפן אין גאַס מיטן באַלעבאָס, ביזן אָפּפירן אין דער „היים״. וואָס פאַראַ געבורטס־טאָג האָט ער מיט דער פרוי אירענא געמאכט פאַר אונדז! וואָס פאַראַ מאכ־לים? אין דער וואַליזע איז געבליבן די לעדערנע טעקע. די פרוי לאָטא האָט זי פאַרשלאָסן ביי זיך אין שאַנק. גאַנצע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער. ווי איז דאָס

מעגלעך, אז נאָך דער מלחמה זאָל אַ מענטש פאַרשווונדן ווערן און אפילו די פּאָליציי ווייסט נישט, וואָס איז מיט אים געוואָרן? די פרוי נאָוואק האָט נישט געשריבן, אַז ער איז צוריקגעקומען. הייסט, אַז ער איז נאָך אַלץ נישטאָ!



אין איינעם אַ טאָג האָט די לייטערין פאָרגעלייענט פאַר אונדז אַלע אַזאַ בריוו: טייערע פרוי לאָטאַ! זייט נישט ברוגז אויף מיר, וואָס איך בין אַוועק. איך פאָר קיין פּאַלעסטינע. זאָל מיך קיינער נישט זוכן. אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג. אסתר. איך גריס די לערערינס, אַלע קינדער און אַרבעטער פון דער „היים״.

א גרויסע אויפרעגונג איז געוואָרן צווישן די לערערס. אלע האָבן זיך געוווּנדערט וואָס אסתר איז אַנטלאָפן. איך האָב מיט איר ווייניק גערעדט, נאָר איך האָב געוווּסט, אז זי האָט געלייענט גאַנצע טעג, געלערנט מער פון אַלע. ראָזאַ האָט געזאָגט, אז אסתר וועט די ערשטע גיין אין גימנאַזיע. און אָט איז זי גאָר אנטלאָפן! קיינער ווייסט נישט מיט וועמען. ווי אזוי וועט זי פאָרן קיין פּאַלעסטינע? פאַרנאַכט האָט די פרוי לאָטא אלע צוזאמענגערופן און געזאָגט:

— דאָס וואָס עס האָט היינט ביי אונדז פּאסירט קאָסט מיך געזונט! וואָס האָט איר געפעלט אין דער „היים״? אלעמאָל קומען צו אונדז פרעמדע מענטשן. די טיר איז אָפן פאַר אַלע. א סך פאָרן ארום איבער אַלע קינדער־היימען און זוכן זייערע קינדער. אויך פון שטאָט קומען פאַרשיידענע מענטשן צו אונדז. זיי זענען אונדזערע פריינט. איר דאַרפט זיך אָבער נישט צוהערן צו קיין פּראָפּאַגאַנדע! אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן פירן היינט אוועק די יוגנט קיין פּאַלעסטינע. דאָרט איז א מדבר, דאָרט וועט קיינמאָל גאָרנישט זיין! היינט אין פוילן איז אלץ פריי פאַר יידישע קינדער. איר זייט נאָך א שווערער מלחמה. איר מוזט לערנען און אָפּהיטן דאָס געזונט. א סך משפחות וועלן זיך

אָפּגעפּינען! וואָס וועל איך קאָנען זאָגן, ווען עמעצער וועט צו מיר קומען און פרעגן, ווו איז מיין קינד? אסתר איז דאָך געווען אין דער היים די בעסטע שילערין! איך בין פאראנטוואָרטלעך, איך האָב זי געברענגט פון א קלויסטער! בעט איך אייך, איר זאָלט זיך צו די אלע רייד, וואָס פאַרשיידענע מענטשן ווילן אייך איינרעדן, נישט צוהערן.

אויך דער מאַן פון דער פרוי לאָטא איז געווען זייער אויפגערעגט.

אלע האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס דווקא אסתר, אַזאַ שטילע ווי זי איז געווען, איז איינגעגאנגען אויף אַזאַ זאַך.

מילעק איז געזעסן ביים פענצטער און אַוועקגעקוקט אין אַ זייט, ווי די זאַך וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען. איך האָב אָבער באלד פאַרשטאַנען, אַז ער ווייסט גאַנץ גוט ווי אַזוי איז אסתר אַוועק, און מיט וועמען.



יעדן טאָג זענען אין דער „היים" געקומען פאַרשידענע מענטשן מיט בילדער פון זייערע קינדער. ארומגעגאַנגען איבער די שטובן, גערעדט מיט אַלע און אויסגעפרעגט זיך, ווער האָט אפשר ערגעץ זייערע קינדער געזען? א סך מענטשן זענען געקומען אין דער „היים" פאַרבעטן צו זיך אויף שבת, אָדער סתם אזוי קומען צו זיי. ביי יעדן עסן איז אַלעמאָל עמעצער ארומגעגאַנגען איבערן זאַל און באַטראכט יעדן פון אונדז. איך האָב שוין אָבער נישט געגלויבט, אַז איך וועל עמעצן פון מיין משפחה געפינען. אויף אַלע מיינע בריוו האָב איך קיין ענטפער נישט באַקומען, כאָטש אַלע זאָגן, אַז מענטשן קומען צוריק פון לאַגער, פון שפּיטעלער, און אויך פון רוסלאַנד.

עס האָט אָבער פּאַסירט אין דער „היים" אַזאַ געשעעניש, אז איך האָב אָנגעהויבן אויפסניי צו גלויבן, אז אויך איך וועל נאָך עמעצן געפינען.

בעת דעם נאכטמאל איז ארײן אַ מאַן מיט אַ שטעקן

אין דער האַנט, אָנגעטאָן אין אַן אלטן מאַנטל און מיט אַ הוט. אלע האָבן זיך געוווּנדערט פאַרוואָס דער מאַן גייט אזוי וואַרעם אָנגעטאָן. דער ווינטער איז דאָך שוין פון לאנג אַוועק. ער איז ארומגעגאַנגען לענגאויס דעם טיש און באַטראַכט אַלע פּנימער. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער אַרויסגעגאַנגען. וועמען האָט ער געזוכט?

פּלוצים האָט זיך יולעק, דער ייִנגסטער פון אַלע, אַ ריס געטאָן פון טיש מיט אַ געשריי: טאַטאַ! דער מענטש האָט נישט געהערט. און יולעק איז אראָפּ אויפן הויף, נאָכגעלאָפן דעם מאַן מיט אַ געשריי, טאַטושיו!

מיר אלע זענען צוגעלאָפן צום פענצטער און געזען, ווי דער מאן האָט זיך אויסגעדרייט, אָנגעהויבן לויפן מיטן שטעקן אין דער האנט אנטקעגן יולעקן, ווי זיי האָבן זיך אַרומגעכאפּט און געוויינט.

די פרוי לאָטא איז אראָפּ אויפן הויף און געבעטן דעם מאן ער זאָל ארויף אין דער „היים". זי האָט זיי ארייַנגעפירט אין איר צימער און געלאָזט אליין.

— זעט איר וואָס פארא נסים געשעען! — האָט געזאָגט צו אונדז ראָזא — ווער עס איז לעבן געבליבן, וועט שוין געפינען זיין משפחה! מען מוז נאָר זיין רואיק און וואַרטן מיט אַ סך געדולד.



די פרוי לאָטא איז ארייַנגעקומען אין מיין צימער. קיינער איז נישט געווען. מילעק איז אַוועק צו אַ משפחה אין דער שטאָט. ער מאכט ביי זיי די אויפגאבן. לודוויק און יאשא זענען אַוועק מאכן ספּאָרט. זי האָט זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן. גאָרנישט געזאָגט, וואָס איך היט נישט די אָרדענונג, ווי זי האָט אַ סך מאָל געבעטן. זי האָט געקוקט אויף די קאַרטאָנען, אָנגעוואָרפענע אויפן בעט, און איז אַרויסגעגאַנגען. באַלד נאָכדעם איז זי צוריקגעקומען מיט דער טעקע, וואָס זי האָט געהאלטן ביי זיך אין דער שאַנק. „דיינע צייכענונגען זענען וואָס אמאָל בעסער", האָט זי

געזאָגט. „האַלט זיי אין אָרדענונג. באַהאַלט זיי אין דער טעקע. אפשר וועלן מיר אַמאָל מאַכן דאָ אַן אויסשטעלונג״. זי איז שטיל געבליבן און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי וויל מיר עפּעס זאָגן.

א סך מאָל איז די פרוי לאָטא אַריינגעקומען אין מיין צימער. אויסגעפרעגט, ווי עס גייט מיר מיטן לערנען. גע־פרעגט צי איך וואָלט געוואָלט יעדן שבת גיין אויף מיטאָג צו אַ משפחה. זיי ווילן מיך באַקענען, זען די צייכענונגען.

— צו וואָס דאַרף איך גיין צו פרעמדע מענטשן? — האָב איך געענטפערט. איך האָב נישט געוואָלט גיין צו קיינעם.

פּלוצים האָט מיך געפרעגט די לייטערין: ווי מיינסטו, חיימעק, אפשר איז ריכטיק צו לערנען אַ פאַך? ווער עס לערנט נישט, מוז זיך אויסלערנען אַרבעטן.

— פאַרוואָס דאַרף איך איינער גיין צו אַן אַרבעט? — האָב איך געפרעגט אַ פאַרווונדערטער.

— זעסטו, חיימעק — האָט זי אָנגעהויבן רעדן צו מיר שטיל, קיינער אין דעם צווייטן צימער זאָל נישט הערן — אַזוי ווי דו לערנסט נישט, איז בעסער אָנצוהויבן אַרבעטן. עס וועט קומען אַ צייט, ווען דו וועסט וועלן לערנען. קיינ־מאָל איז נישט שפּעט. איך קען אַ פאָטאָגראַפיסט, וואָס זוכט א לערן־יינגל. ער דאַרף אַ געהילף. אַ פאָטאָגראַפיע איז דאָך אויך אַ בילד. ווילסטו איצט מיט מיר צוגיין? — האָט זי געפרעגט — קיינער וועט דיך נישט צווינגען, אויב דו וועסט נישט וועלן בלייבן ביי אים.



איך בין אַוועק מיט דער פרוי לאָטא צו דעם פאָטאָגראַ־פיסט. פון דער צייט, וואָס איך בין געקומען אין דער „היים״, בין איך קיינמאָל אין גאַס נישט אַרויסגעגאַנגען. ווו קאָן מען גיין אין אַ פרעמדער שטאָט? איך בין געגאַנגען איבער גאַסן און געסלעך מיט דער לייטערין און געטראַכט ווי שיין

איז געווען לאָדזש, די שטאָט, וווּ מיר האָבן געוווינט ביז צו דער מלחמה, איידער די דייטשן זענען געקומען. די גאַסן זענען געווען ברייטע און לאַנגע. די הייזער הויכע און א סך געשעפטן מיט שיינע אויסלייג־פענצטער. די גרויסע לאָמפּן אין די גאַסן האָבן געגעבן אַ סך ליכטיקייט. דעם גאַנצן וועג האָב איך קיין ייִד נישט געטראָפן. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז נאָך אין דאָרף האָט מילעק געזאָגט: אין די קליינע שטעטלעך זענען שוין נישטאָ קיין ייִדן. איך האָב מיר אָבער נישט געקענט פאָרשטעלן אזא זאך. וואָס הייסט דאָס: נישטאָ מער קיין ייִדן? דעם גאנצן וועג האָט די פרוי לאָ־טא גערעדט צו מיר: דו וועסט זיין צופרידן פון דער אר־בעט. אפילו ווען מען לערנט אַ פאַך, קאָן מען לערנען אויף אָוונט־קורסן. לייענען ביכער. היינט אין פוילן קאָן יעדער ארבעטער ווערן אַ פראָפעסאָר!

די וווינונג פון דעם פאָטאָגראפיסט איז געווען א גרוי־סע, מיט אַ סך צימערן און אַ לאַנגן קאָרידאָר. איך האָב נישט געקאָנט פארשטיין, ווי אזוי לעבט אַ מענטש אליין אין אזא גרויסער וווינונג. אין די שטובן איז געווען טייער מעבל. א סך בילדער. געאַרבעט האָט ער אין אַ גרויסן זאַל מיט ברייטע פענצטער, פאַרהאָנגען מיט לאַנגע פאָרהאַנגען. לעאָן מילער האָט ער געהייסן. דעם ערשטן טאָג האָט ער מיר געהייסן אַלע אויפנאמעס אויסלייגן אויפן טיש. דער־נאָך ארייַנלייגן אין באזונדערע קאָנווערטן. שפּעטער האָט ער מיר געלערנט ארויסרופן אַ בילד, אומגיין זיך מיטן אפּאראט. איך האָב געזען, אז דאָס איז אַ גוטע, אַ ריינע ארבעט.

— פּאָוואָליע, פּאָוואָליע, וועסטו זיך די ארבעט אויס־לערנען, ליב באקומען — האָט מילער צו מיר גערעדט. איך האָב מאנכעס מאָל געטראַכט: ווער איז דער מענטש? פאר־וואָס איז ער אליין. פארוואָס רעדט ער קיינמאָל נישט קיין וואָרט?



א סך מענטשן זענען צום פאָטאָגראַפיסט געקומען. זיי האָבן געבראַכט בילדלעך פון קינדער, פון משפחות, אפילו פון זיידעס, און געבעטן מאַכן א גרויס בילד מיט אַ ראַם. אַמאָל איז געקומען אַ גרויע פרוי אין צעריסענע קליידער און ארויסגענומען פון אַ שאַכטל אַ בילדל. דאָס איז מיין מיידעלע האָט זי געזאָגט. מאַכט מיר אַ בילד אין אַ גאָל־דענער ראַם. אַן אַנדערש מאָל איז געקומען אַ מאַן אין אַ טייערן אנצוג. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געוועזן גאָר אַ רייכער מענטש. אויפן טיש האָט ער אוועקגעלייגט אַ בילדל פון אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד און געזאָגט: דאָס איז מיין טאַטע... מאַכט מיר א פיינע ראַם... אוי... אוי... אזעלכע יידן וועלן שוין נישט זיין! ער האָט שווער געזיפצט און באַלד באַצאָלט פאַר דער גאַנצער ראַם. ביים אַוועקגיין האָט ער נאָכאמאָל געזאָגט: דאָס זאָל זיין א פיינע ארבעט.

איך האָב איינגעזען, אַז אין דער שטאָט ווינען נאָך יידן, נאָר מען זעט זיי נישט אויף די גאַסן. אַפילו פון אַנ־דערע שטעטלעך זענען צו מילערן געקומען מענטשן מיט פאָטאָגראַפיעס. יעדער האָט געוואָלט א גרויס בילד מיט אַ ראַם. אַ סך מאָל האָב איך ביי מיין טיש געהערט ווי זיי רעדן: נאָר דאָס איז מיר געבליבן...

איך האָב זיך מיט דער צייט אויסגעלערנט אויסלייגן די בילדער אויף קאַרטאָנען, ארומקלעבן מיט פאפיר, צוקלאַפּן אַ ראַם. די גאַנצע דירה איז געווען אָנגעשטעלט מיט ביל־דער. אויף די ווענט זענען זיי געווען און אויך אין אַלע ווינקלעך. בילדער פון אַ קינדער־קאָלאָניע מיט אַ סך קינ־דער. בילדער פון כלות אפילו. מילער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב און גערעדט: זיי אלע לעבן! זיי וועלן אייביק לעבן! „נאָר איך בין אָן אַ בילד געבליבן" — האָט ער אמאָל געזאָגט צו מיר. דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַ־נען, פאַרוואָס ער רעדט גאָרנישט. אַרבעט און שווייגט. אויך איך האָב נישט געוואָלט רעדן. גאָרנישט דערציילן, ווען איך פלעג צוריקקומען פון דער אַרבעט אין דער

„היים״, פלעג איך ארויסנעמען מיין העפט און צייכענען.
אויך מיר איז קיין בילד נישט געבליבן.



א סך מאָל האָט מיר מילעק געפרעגט: צוליב וואָס לערנסטו אזא פאך? ווער דאַרף אין פאלעסטינע אַ פאָטאָ־גראַפיסט? נאָך אַביסל... און אויך מיר וועלן אַוועק פון דאַ־נען. נישט אנטלויפן אזוי ווי אסתר, נאָר אַוועק אין אַ קיבוץ הכשרה און, מיט זיי אַריבער אויף יענער זייט. קיינער דאַרף נישט וויסן, נאָך אביסל, חיימעק — האָט ער גערעדט צו מיר, ווען קיינער איז נישט געווען אין דער שטוב. — מען מוז אַוועק פון דאַנען! ווער עס וויל, זאָל בלייבן דאָ און לערנען. וואָס וועט זיי ארויסקומען דערפון? וואָס איז געוואָרן מיטן ה׳ נאָוואַק? ביינאכט קאָן מען נישט זען אַ ייד אויף דער גאַס! אויך היינט האָט מען מורא צו פאָרן מיט אַ באַן.

ליגנדיק אויף זיין בעט האָט מילעק מיר שטיל אלץ אויסדערציילט: ביי דער משפחה ווו ער קומט יעדן שבת, קומען זיך צוזאמען די אלע, וואָס ווילן אַוועק אויף „יענער זייט״. ווי נאָר מען גייט אַריבער די גרענעץ, זענען שוין דאָ אַזעלכע, וואָס פירן אַוועק קיין פּאַלעסטינע. זיי ווייסן די וועגן! פירן אַריבער גלייך אין אַ קיבוץ! אָבער קיינעם דארף מען אין דער „היים״ נישט דערציילן, די פרוי לאָטא טאָר פון אַזאַ זאַך נישט וויסן. חס וחלילה! ווען לודוויק איז אריין אין צימער, האָט מילעק גענומען דאָס בוך, וואָס איז נעבן אים געלעגן, און האָט אָנגעהויבן לייענען.



ווו עס איז „יענע זייט״ און ווי אזוי מען גייט אריבער די גרענעץ, דאָס האָט מילעק נישט דערציילט. אויך נישט ווער עס פירט אלעמען אוועק קיין פּאַלעסטינע. ער האָט

געזאָגט, אַז נאָר שאול און זיין פרוי, וועלכע נעמען צוזא־
מען די אלע, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון היטלערן,
ווייסן אַלץ. זיי דערציילן וואָס עס הערט זיך אין ארץ יש־
ראל, ווי אזוי עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע
דערפער.

מילעק האָט מיר צוגעזאָגט אין איינעם אַ שבת מיך
מיטצונעמען אין דער דירה פון זיין מדריך. איך זאָל זיך
באקענען מיט וועמען איך וועל אוועק אין וועג. ווי אזוי
האָט ער דעם מדריך געפונען ? א סך, א סך סודות האָט פאר
מיר מילעק געהאַט. ער האָט ווייניק גערעדט, ווי ער וואָלט
זיך מיט פארשידענע פלענער אַרומגעטראָגן. ווען איך בין
צוריקגעקומען פון מיין ארבעט ביים פאָטאָגראַפיסט, האָב
איך ביינאכט אביסל געלערנט. מאנכעס מאָל געצייכנט. א
סך בילדלעך האָב איך געמאכט פון אונדזער הויף, פון דער
גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט. מילעק האָט ביז שפעט אין
דער נאכט געלערנט, ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז אַ יאָר
איבערשפּרינגען. אַ סך ביכער געלייענט. אָט האָט ער גע־
בראכט א בוך פון דער ביבליאָטעק און שוין אין אַ צוויי
טעג ארום געטוישט. מיר ביידע האָבן נאָר געקענט זיך
אַדורכרעדן ווען לודוויק איז נישט געווען אין דער שטוב.
ער האָט זיך פאַרשריבן אין „רויטן ווינקל" און אָפּגעלאכט
פון פאַלעסטינע. איז בעסער געווען מיט אים וואָס ווייניקער
צו רעדן. צו וואָס האָט ער באדארפט וויסן וואָס מיר טראכטן
צו טאָן ? די גאנצע צייט, האָב איך נאָר געטראכט פון מיין
משפחה. דאָס פאָרן אָפּגעלייגט, ביז אלע וועלן צוריקקומען.
מילעק האָט אָבער דערציילט, אז שאול רעדט אים צו וואָס
גיכער אָפּצופאָרן. ווייל באלד וועט זיין אַ יידישע מדינה,
און ווער עס איז נאָר לעבן געבליבן, וועט שוין אהינפאָרן.
אלע יידן וועלן זיך טרעפן אין אייגענעם לאנד !



שבת זענען מיר אוועק שפאצירן אין דער שטאָט. אזוי
האָבן מיר געזאָגט אין דער „היים". מילעק האָט מיך געפירט

איבער א סך גאסן. מיר זענען אַרויף אויפן דריטן שטאָק, אין א קליין שטיבל, ווו עס האָט געוווינט שאול מיט זיין פרוי תמר. „מיר וווינען דאָ נאָר אויף דערווייל", האָט געזאָגט די פרוי, ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט הלמאי עס איז ביי זיי קיין שאנק נישטאָ, און אפילו נישט קיין פאָרהאַנג. עס זענען נאָך געקומען עטלעכע בחורים. זיי האָבן דערציילט, אז זיי האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט אין רוסלאַנד. זיי ארבעטן אין אַ געשעפט און האָבן גאָר אַ פיינע דירה. אָבער זיי ווילן אריבער „אויף יענער זייט"! זיי ווילן דאָרט זוכן די משפחה. אַ סך יידן האָבן שוין אזויארום אָפּגעפונען די איי־גענע.

מיר זענען אלע געזעסן ארום טיש און שאול האָט גע־רעדט צו אונדז פויליש, ווייל קיין יידיש האָט ער נישט געקענט.

— היינט דאַרף מען נישט טראכטן וועגן דעם וואָס עס איז געווען, נאָר וואָס וועט זיין. מיר אַלע דאַרפן זיך גרייטן אין וועג אריין, וואָס גיכער אוועק פון דאַנען.

א הויכער, פעסטער מאַן איז ער געווען, מיט א סך פריילעכקייט. פון דער טאַש האָט ער ארויסגענומען א קליין ביכעלע פארשריבן מיט לידער און האָט אָנגעהויבן זינגען. דערנאָך האָט ער אונדז געלערנט די ווערטער, ביז אלע האָבן אָנגעהויבן זינגען:

שם בעמק יזרעאל
שם בכפר יחזקיאל
קבוצת צופים עומדת...

גוט איז געווען צו זיצן מיט אַלע צוזאמען ביים טיש. איך בין געווען צופרידן, וואָס איך בין דאָרט אהינגעגאַנגען. תמר, שמואלס פרוי, האָט דערציילט וועגן יידישער אַרבעט אין ארץ־ישראל. נאָר אין אייגן לאנד, האָט זי געזאָגט, וועלן יידן זיך אויסלערנען יעדע ארבעט, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געטאָן אין פרעמדע לענדער. מיט אייגענע הענט וועלן זיי בויען הייזער, אויסלייגן וועגן, באַאַרבעטן

פעלדער. מיר אלע, האָט זי געזאָגט, וועלן ארויס אויף אַן אייגן שטיקל ערד און אויפשטעלן אַ נייעם קיבוץ.

איך האָב זיך צוגעהערט צו אירע רייד און נישט גע־קענט זיך פאָרשטעלן ווי אזוי דאָס אלץ וועט געשען. ווי אזוי וועלן מיר פאָרן, אַז קיינער האָט קיין געלט נישט? דער וועג איז דאָך אַ ווייטער. ווי אזוי וועט דאָס אַלץ געשען?

פון דער דאָזיקער שטוב בין איך ארויסגעגאַנגען גאָר אַן אַנדערער. איך האָב פאַרשטאַנען, אז די „היים" איז נישט קיין היים, און איך דאַרף אוועק פון די אַלע צוזאמענגענו־מענע קינדער. גיין מיט אַן אַנדערן וועג.



איך וואָלט דאָס קיינמאָל נישט געגלויבט, אז אזוי שנעל וועט דאָס אלץ געשען! מילעק האָט געזאָגט דער פרוי לאָטא, אַז ער וויל אַוועק אין אַ קיבוץ הכשרה. פאָרן קיין פּאַלעסטינע צו זיין משפחה, וועלכע געפינט זיך דאָרט פון פאַר דער מלחמה. ער האָט געזאָגט, אז אויך איך האָב דאָרט א משפחה.

— וואָס עפּעס קיין פאלעסטינע? — האָט זיך געוווּנ־דערט די פרוי לאָטא — איצט וועלן מיר אַרויספאָרן אין אַ דאָרף אויף א זומער־לאגער. מאכן ספּאָרט, אויספלוגן. אַר־בעטן ביי די פויערים. אַ שיינעם זומער וועלן מיר דאָ האָבן. און דאָרט איז דאָך אַ מדבר! ווי וועט איר קענען אויסהאלטן די היצן? דאָס איז זייער, זייער א הייס לאנד!

זי האָט אָבער איינגעזען, אַז מיר ווילן פאָרן צו דער משפחה, האָט זי אויפגעהערט אונדז אָפּצורעדן, און זי האָט אונדז געגעבן א סך זאכן פאַרן אָפּפאָר, אָנגעפּאקט אונדז פולע וואַליזקעס. אויך דאָס געלט, וואָס דער פאָטאָגראַפיסט האָט פאַר מיר אויסגעצאָלט, האָט זי מיר געגעבן. זי האָט עס געהאַלטן ביי זיך.

אלע אין „היים" האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס מיר גייען אַוועק אין א קיבוץ הכשרה. זיי האָבן נאָר געטראַכט וועגן

לערנען. געוואָלט נאָכן פאַרענדיקן די שולע פאָרזעצן לער־נען מעדיצין. די מיידלעך האָבן געטראַכט וועגן א לערער־סעמינאַר. אלע האָבן געוואָלט וואָס שנעלער זיך איינאָרדע־נען, פאַרדינען געלט.

און איך האָב די גאַנצע צייט וועגן קיין זאַך נישט גע־טראַכט, נאָר געוואַרט אויף דעם טאָג דער טאַטעשי זאָל צוריקקומען. די מאַמעשי זאָל זיך אומקערן. געוואַרט אויף דער משפחה, און דעמאָלט וועלן מיר צוזאַמען טראַכטן וואָס ווייטער צו טאָן. דערפאַר האָב איך אַפילו נישט געזוכט דעם וועג צו די קינדער פון דער מומע ליזע, וועלכע זענען פאַר דער מלחמה אַוועק קיין פאַלעסטינע. נישט געוווּסט ווו זיי זענען. איך וועל זיי שוין געפינען, ווי נאָר איך וועל נאָר אהינקומען, האָב איך מיר געטראַכט. זיכער וועל איך זיי געפינען! איך האָב נאָר געוואָלט וואָס גיכער אָפּפאָרן.

★

איך בין דאָס לעצטע מאָל געגאַנגען צום פאָטאָגראַ־פיסט. געוואָלט זיך מיט אים געזעגענען. געזאָגט, אז איך פאָר אין א קיבוץ הכשרה.

— גוט, גוט, יינגל, האָסטו געטאָן, וואָס דו קלייבסט זיך אוועקצופאָרן פון דאַנען. מיינע כוחות זענען שוין נישט אויף צו וואנדערן. ניין, ניין! — האָט ער נאָכאמאָל איבער־געחזרט. — דו אָבער דאַרפסט אוועק אין אַן אנדערער וועלט!

דערנאָך האָט ער זיך פאַרקוקט אויף די פאָטאָגראַפיעס און געזאָגט מיט א זיפץ:

— איך ווייס נישט, צי איך וועל אליין קענען ארבעטן. ווער וועט מיר איצט צוהעלפן? האָסט זיך גיך אויסגעלערנט די אַרבעט. נאָך אַביסל, און איך וואָלט דיך צוגעשטעלט צום אפאראט. יעדעס מאָל קומען אַלץ נייע מענטשן בעטן א פאָטאָגראַפיע, א משפחה־בילד... אוי, אוי,

— האָט ער אויסגערופן — ווו זענען די אַלע אהינגעקומען? קיינעם זעט מען נישט צוריק!...

איך האָב געזען, אַז ער וויל זיך נישט געזעגענען מיט מיר. ער איז אריין אין דער קיך, געמאכט אַ טיי און מיר דערלאַנגט מיט קיכלעך. ווי שטענדיק, האָט ער געשוויגן. ער האָט זיך צוגעווינט צו מיר פונקט אזוי ווי איך צו אים און צו זיין אַרבעט. איך האָב עס ארויסגעלייענט פון זיין פנים, אַז ער וויל נישט בלייבן אליין מיט זיינע בילדער אין דער גרויסער ווינונג.

דאָך האָט ער געזאָגט צו מיר:

— גוט טוסטו, וואָס דו גייסט אַוועק פון דאַנען. ווייט, ווייט.

כאָטש ער איז מיר גאָרנישט שולדיק געווען, האָט ער מיר מיטגעגעבן געלט אויפן וועג. — עס וועט דיר צונוץ קומען, אונטערוועגס דאַרף מען שטענדיק געלט. ער האָט געווישט די ברילן און געווישט. באקוקט מיך פון אַלע זייטן. ביי דער טיר האָט ער מיך פעסט ארומגענומען מיט זיינע גרויסע הענט און גאָר שטיל געזאָגט: — איין זאך בעט איך דיר, שרייב ווי נאָר דו וועסט דאָרט אָנקומען. ווי זעט דאָרט אויס? צי קאָן מען באמת דאָרט לעבן?



חדשים זענען אַדורך. אַ סך געשעענישן און מענטשן האָבן זיך אויסגעמישט אין מיין זכרון. איצט איז שוין אלץ ווי א חלום. איך געדענק קוים, ווי מיר זענען מיט שאולן און מיט זיין פרוי תמר צוגעפאָרן צו א קיבוץ. דער־נאָך מיט אַ לאַסט־אויטאָ פול מיט מענטשן אַריבערגעפאָרן די גרענעץ. געפאָרן איבער לאנגע וועגן ביינאכט, דערנאָך אריין אין אַ וואַלד. נעבן מיר איז געלעגן מילעק. ער האָט מסתמא געטראכט דאָס זעלבע וואָס איך: אז עס איז א גרויס גליק, וואָס מיר פאָרן צוזאמען. עס איז געווען קאַלט און די ערד איז געווען נאַס. קיינער איז די נאכט נישט

געשלאָפן. אינדערפרי איז געקומען אַ בחור מיט אַן אויטאָ. געבראַכט אונדז עסן, און מיר זענען ווייטער געפאָרן איבער שטעט אין פאַרדעקטע לאַסט־אויטאָס. אין די נעכט געקראָכן איבער בערג. ווי אַזוי האָבן געהייסן די מקומות? וואָס פאַרא ערטער זענען מיר אַדורכגעפאָרן? אַ גאַנצן ווינטער זענען מיר געווען אין אַ זאַמל־פּונקט אין אַ קליין שטעטל אין דייטשלאַנד און אין איינעם אַ טאָג ווידער אַרויף אויף אַ לאַסט־מאַשין. לאַנג געפאָרן איבער בערגיקע וועגן, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין אַ קליין דאָרף ביים ים.

די מענטשן, וואָס זענען געקומען מיט אונדז, האָבן געזאָגט, אַז מיר זענען אין איטאַליע. שאול און זיין פרוי תמר זענען אַוועקגעפאָרן מיטן זעלבן אויטאָ. אַנדערע מדריכים האָבן זיך מיט אונדז פאַרנומען. קיינער איז פון דעם דאָרף נישט אַרויס אין אַ שטאָט. מיר האָבן שטענדיק געדאַרפט זיין צוזאַמען און וואַרטן אויף דער שיף. די מדריכים האָבן געזאָגט, אַז יעדע שעה קאָן אָנקומען אַ שיף, וואָס וועט אונדז פירן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל ווי איך האָב געזען אַ ים! ברייט און אָן אַ סוף האָבן זיך געצויגן די וואַסערן. גוט איז געווען צו זיצן אויפן זאַמד און קוקן אין דער ווייט, דאָרט, וווּ עס איז אַמאָל געווען מיין היים.

איך האָב געמיינט, אַז נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון אַרומפאָרן, וועלן מיר אָנקומען צום ים־ברעג, וועט אויף אונדז אַלעמען וואַרטן אַ שיף. חדשים זענען אָבער אַדורך און קיין שיף האָט זיך נישט געוויזן.

אויף די זאַמדן ביים ים־ברעג זענען אויפגעשטעלט געוואָרן געצעלטן. דאָס איז נישט געווען קיין דאָרף. קיין הייזער, קיין מענטשן האָב איך די גאַנצע צייט נישט געזען. האָב איך ביים סוף פאַרשטאַנען, אַז קיינער דאַרף דאָס נישט וויסן, אַז מיר געפינען זיך דאָרט.



די בחורים, וואָס האָבן אונדז געפירט קיין ארץ־ישראל, האָבן אונדז געלערנט עברית און חשבון, שרייבן און ליי־ענען, מאכן איבונגען און ספּאָרט. אַ סך האָבן געלערנט תנ"ך און געשיכטע.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעמען, ווי אזוי דאָס אלץ ווערט געפירט מיט אַזאַ סדר, געטראכט וועגן די מדרי־כים, וואָס זענען געקומען פון פּאַלעסטינע, כדי אונדז אלע צונויפזאמלען און אַריבערפירן, מיטמאַכן מיט אונדז אזא שווערן וועג. אַ סך האָבן דאָך געהאט שוין פרויען און קינ־דער!

מילעק האָט זיך שנעל אויסגעלערנט עברית. ער האָט געהאָלפן די מדריכים האלטן אָרדענונג, פארטיילן עסן. אַ סך לידער האָט ער זיך אויסגעלערנט און ביי יעדן עונג שבת אָנגעפירט מיט אַ טיש מענטשן. לעבעדיק געמאַכט די חברה. און איך בין שעהנלאנג געזעסן ביים ברעג און גע־צייכנט דעם ים. צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען, אַז די וועלט איז בלוי. דער הימל און דער ים האָבן געהאט איין קאָליר! איך האָב נישט געהאט קיין פארבן, אָבער די צייכע־נונגען זענען געווען גאָר אַנדערש ווי אין דער „היים". איך האָב נישט געמאָלט קיין מענטשן, ווי פריער, נאָר גע־צעלטן, דעם ים און די זון. זי פלעגט קומען יעדן טאָג אַ ווארעמע, אַ ליכטיקע, און פלעגט פאַרנאַכט א רויטע, ווי א שטיק פייער אריינפאלן אין וואַסער אריין. צום ערשטן מאָל זייט יאָרן האָב איך געזען א זומער אַ ליכטיקן און אַ וואַרעמען. אַ נייע וועלט האָב איך ארום זיך דערזען!



ווען וועט שוין אָנקומען די שיף? — האָבן אלע גע־פרעגט מיט ברוגז ביי די מדריכים. ווי לאנג וועלן מיר דאָ זיצן אין דעם ליידיקן דאָרף? וואָס האָט איר אונדז דאָ אהערגעבראכט?! געווען אזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרפאַקט זייערע זאכן, געזאָגט, אז זיי וועלן זיך לאָזן אין וועג צוריק

נאָך פּוילן, כדי אויפצוזוכן די משפּחה און שפּעטער צוזאַמען פאָרן קיין פּאַלעסטינע. מיט שרעק האָבן זיך די פרויען גע־פרעגט: צי וועלן מיר דאָ חלילה בלייבן ביזן ווינטער? ווי וועלן מיר אויסהאַלטן א ווינטער ביים ים אין די געצעלטן?! וואָס וועט ווערן פון דעם אַלעמען?

איינער פון די מדריכים איז געווען אַ גרויסער וויצלער, גד האָט ער געהייסן. שטענדיק האָט ער גערעדט צו די מענטשן מיט שפּאַס.

„משה רבינו איז א סך לענגער געגאַנגען קיין ארץ־ישראל״! — האָט ער געזאָגט — „וואָס פעלט אייך דאָ? צי דאַרפט איר דען קוקן אין הימל אריין און וואַרטן אויף מן״? עס איז טאַקע געווען אמת, אַז עס האָט קיינעם גאָר־נישט געפעלט. יעדער האָט געהאַט זיין אָרט. זיין בעט און גענוג צו עסן. מיר האָבן זיך געבאָדן אין ים און געמאַכט ספּאָרט. די מענטשן האָבן אָבער נישט געהאַט קיין געדולד צו זיצן חדשים און גאָרנישט צו טאָן.

שולדיק זענען די ענגלענדער! זיי ווילן אונדז נישט אריינלאָזן קיין פּאַלעסטינע!

— פאַרוואָס לאָזן זיי אונדז נישט פאָרן אין אונדזער לאַנד! צי האָבן מיר זיך ווייניק אָנגעליטן? — האָבן אַלע געטומלט.

דווקא די, וואָס האָבן געהאַט משפּחות אין אַמעריקע, האָבן אַלעמען באַרואיקט. עס וועט לאַנג נישט דויערן, און עס וועט אויפגעשטעלט ווערן א יידישע מדינה. די גאַנצע וועלט וועט איינזען, אַז יידן מוזן האָבן אַן אייגן לאַנד, ווי יעדעס פאָלק! נישט דערויף זיך געפּייניקט אין די געטאָס און אין די דייטשע לאַגערן, כדי צוריקצופאָרן קיין פּוילן, דערהרגעט ווערן פון דער „א. ק.״!

מען טאָר נישט נאָכגעבן. זיצן דאָ און וואַרטן נישט נאָר אַ ווינטער, נאָר אַפילו אַ גאַנץ יאָר און נאָך אַ יאָר! ביז די טויערן פון ארץ־ישראל וועלן געעפנט ווערן פאַר אַלע

יידן! — האָבן גערעדט די יונגע חברה, און די עלטערע זענען צוגעשטאַנען צו זייערע רייד.



פלוצים איז געקומען דער באַפעל:

פאַרפּאַקן זיך אויף גיך! פאַרנאַכט קומט אַ שיף!

א גרויס גערודער איז געוואָרן אין די געצעלטן. אַלע האָבן צוזאמענגענומען די זאכן, אָנגעטאָן אויף זיך דאָס בעסטע. די אַלטע בגדים געוואָרפן אין ים אריין. איצט וועט זיך שוין אָנהויבן א ניי לעבן!

אַלע זענען אַרויס פון די געצעלטן וואַרטן אויף דער שיף, און דערווייל איז גאָר אָנגעקומען אַ נייער לאַסט־אויטאָ מיט יידן.

שטאַרק האָט מיר געקלאַפּט דאָס האַרץ, ווען איך האָב פון דערווייטנס דערזען די שיף. אַלע האָבן אויסגעצויגן די הענט צום הימל און גערופן: די ישועה איז געקומען!

עס איז שווער געווען אַרויפצוקלעטערן מיט דעם אָנגע־פּאַקטן עולם אויף דער שיף. אַ גרויסע ענגשאַפט און גע־דראַנג איז געווען אין די קאָרידאָרן. — און דאָ, אינמיטן אָט דעם גערדראַנג און איילעניש צו געפינען אַן אָרט, האָט אַ מאַן גאָר אָפּגעפונען זיין פרוי! טאַקע פון דעם נייעם לאַסט־וואָגן, וואָס איז אין דער לעצטער מינוט אָנגעקומען. עס איז געוואָרן אַ שמחה, אויסגעמישט מיט אַ געוויין. יעדער איז געלאָפן אָנקוקן די מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען אויף דער שיף.

איך מיט מילעקן האָבן זיך געלייגט אויף די בעטלעך. צוקאָפּנס אָוועקגעלייגט די זאכן. א סך האָבן קיין אָרט נישט געהאט. ווו וועלן אלע זיך אהינטאָן? — פאַרוואָס אזויפיל מענטשן אָנגעפּאַקט? — האָט א ייד געפרעגט. אַ פּיצל אָרט איז שוין נישטאָ אפילו אויף דער ערד! נישטאָ ווי אויסצו־ציען די ביינער! אוי, ווו נעמט מען די כוחות, ווו?! — האָט ער געזיפצט. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגע־

קוקט. יעדער איז געווען גליקלעך, אז אָט־אָט וועט די שיף רירן פון ברעג.

די שיף האָט טאַקע גיך אָנגעהויבן שווימען. מיר פאָרן! מיר פאָרן! — האָבן די מענטשן אָנגעהויבן רופן איינער צום צווייטן. גאָט צו דאַנקען, א נייער נס געשען!

ווי אזוי זענען די אלע מענטשן געקומען אויף דער שיף, וואָס פירט קיין פאַלעסטינע? — האָב איך געקלערט ליגנדיק אויף מיין בעטל. יעדער פון די מענטשן האָט דער־ציילט וועגן זיין לעבן. אוי, וואָס יעדער פון זיי האָט מיט־געמאכט! די בחורים, וואָס זענען געווען פארטיזאנער, אויס־באַהאַלטן זיך אין די גרויסע וועלדער, האָבן דערציילט, ווי זיי האָבן אונטערגעלייגט מינעס אונטער די דייטשע צוגן, וואָס האָבן געפירט מיליטער מיט געווער. אנדערע האָבן דערציילט וועגן די בונקערס, וואָס זיי האָבן זיך אונטער דער ערד איינגעאָרדנט. ווי אזוי זיי האָבן דאָרט געלעבט, אָן ליכט און אָן וואַסער. נאָר ביי נאכט זענען זיי אַרויס זוכן עסן אין אויסגעליידיקטן געטאָ, אין די פוסטע הייזער. גע־ווען אַפילו אַ ייד, וואָס האָט דערציילט, אַז די גאַנצע מלחמה איז ער געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ גרויסן קאָפּל־אויוון.

— איך האָב אַ רייכע משפחה אין אמעריקע — האָט ער געזאָגט — אָבער איך וועל אין ערגעץ נישט פאָרן. די צייט איצט, איז ווי יציאת מצרים! אלע יידן וועלן קומען מיט פארשיידענע וועגן קיין ארץ־ישראל. שעהן לאנג האָט יעדער אויסדערציילט פון זיין לעבן. אלע, ווי איין משפחה, האָבן זיך צוגעהערט, ווי יעדער האָט די מלחמה מיטגע־מאכט.



אויפן צווייטן טאָג בין איך קראנק געוואָרן. נישט גע־קענט עסן, נישט שלאָפן. דער גאנצער גוף האָט מיר וויי געטאָן. דורכן קליינעם פענצטערל האָב איך ארויסגעקוקט און געזען נאָר ברייטע וואסערן, וואָס האָבן נישט קיין סוף. מיט א רעש האָט דאָס וואסער אָנגעקלאַפּט אין די ווענט

פון דער שיף, און איך האָב געמיינט, אַז די שיף וועט דער־טרונקען ווערן, נישט אויסהאַלטן די שטאַרקע כוואַליעס. צי וועל איך אומקומען אין מיטן ים? — האָב איך געטראַכט, און דער קאָפּ האָט געגליט פון שטאַרקער היץ, פאַר די אויגן האָט געשווינדלט, ווי אָט־אָט וואָלט די שיף זיך איבערגע־קערט מיט אונדז אלעמען.

— דאָס איז נישט קיין שיף — האָבן די קראַנקע גע־שריגן. — דאָס איז אַן אַלטער קאַסטן! אַ סכנה צו פאָרן אין אַזאַ שברה כלי!

אויף דער שיף איז געוואָרן א גרויסע בהלה. ווי שרעק־לעך איז די נאכט אויפן ים אין א שטורעם! פון גאנצן וועג איז מיר נאָר דער רעש פון די כוואַליעס געבליבן אין זכרון. קיינמאָל וועל איך דעם וועג נישט פאַרגעסן. אויך מילעק איז קראַנק געוואָרן. מיר זענען געלעגן אויף די שמאָלע בעטלעך, געבראָכן אין א קליין בלעכערן שיסעלע און איך האָב שוין נישט געגלויבט, אַז איך וועל אמאָל אָנקומען קיין ארץ־ישראל, אז אמאָל וועט זיך באווייזן דער ברעג.

די מדריכים האָבן אלעמען בארואיקט. געזאָגט, אז אויף די בעסטע שיפן קריגן די מענטשן די ים־קראַנקהייט, און אז אלץ וועט גיך פאַרבייגיין. אויך דער שטורעם וועט לאנג נישט אָנהאַלטן.



נאָך עטלעכע טעג זענען די מענטשן טאקע געזונט גע־וואָרן. אָנגעהויבן עסן, ארומשפּאַצירן איבער די קאָרידאָרן, אויסקוקן יעדעס ווינקעלע. איך האָב אָבער נישט געקענט זיך רירן פון אָרט. מיטאמאָל האָב איך דערזען, אַז אַלע לויפן פון די קאַיוטעס, פון אלע קאָרידאָרן. מילעק האָט מיך אַראָפּגעשלעפּט פון בעטל. קום חיים! — האָט ער גערעדט צו מיר מיט ציטער. באלד וועלן מיר זען די... ערד! די ערד פון ארץ־ישראל! דעם כרמל־באַרג! אזוי זאָגן די מאטראָזן.

איך בין מיט אים ארויס אויפן דעק. אוי, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן! סארא גערודער, געזאנג און געוויין!

אַלע האָבן זיך געקושט. איינער דעם צווייטן געפאַלן אין די אָרעמס. שטיל האָבן די יינגערע פון דער חברה אָנגע־הויבן זינגען די התקווה. דערנאָך זענען אַלע אַראָפּ אויף זייערע ערטער. אָנגעהויבן צוזאמענגעמען די זאַכן. אַן ענגשאפט איז געוואָרן אַזאַ, אַז עס איז נישט געווען קיין לופט צו אָטעמען. יעדער האָט זיך געשטופּט מיט זיין פּעקל אין דער האנט, געוואָלט וואָס שנעלער ארויס פון דעם קאַסטן.

מיטאמאָל האָבן מיר געהערט, אַז „די שיף שטייט אין מיטן ים״.

וואָס זאָל דאָס באַדייטן ? וואָס איז געשען ? ! האָבן אלע אָנגעהויבן פרעגן מיט שרעק.

די ענגלענדער דארפן נישט וויסן... זיי ווילן נישט אריינלאָזן — האָבן אייניקע געגעבן צו פארשטיין. צו ווייניק האָבן מיר זיך אָנגעליטן ביז איצט !

ביינאכט וועלן מיר צופאָרן נענטער צום ברעג... זייט רואיק... מיר זענען שוין אַריבערגעקומען דעם ווענ ! — האָבן געזאָגט די מדריכים.

ביינאכט זענען צוגעקומען שיפלעך צו דער שיף. אויף קליינע שטריק־לייטערלעך האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין די שיפלעך. ווער האָט אין דער פינצטער געפירט צום ברעג ? אראָפּגעלאָזט אונדז אין וואַסער און צוריקגעפאָרן ? עמעצער האָט מיך געכאפּט אויף דער פּלייצע. וואָס איז גע־שען ? וואָס טוט זיך דאָ אָפּ ? פאַרוואָס דאַרף מען גיין אין וואַסער ? — האָבן זיך אין מיין קאָפּ געראַנגלט טויזנט פראגן מיטאמאָל.

מילעק, ווו ביזטו ? ! — האָב איך גערופן אין דער פינצטער. איך האָב שטאַרק מורא געהאַט, אַז איך וועל אים פאַרלירן אינמיטן דער נאכט אין ים.

— שאַ... שאַ... — האָט א קול געענטפערט. און איך האָב דערזען, אַז אויך אים שלעפּט ווער אויף דער פּלייצע, אזוי ווי מיך. אנדערע האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און זיך גערוקט פאָראויס. קיין וואָרט האָט זיך פון קיינעם

נישט געהערט, פון גרויס פחד, אַז די ענגלענדער קאָנען אָנקומען און חלילה צוריקקערן אַלעמען אויף זייערס א שיף! עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס רוישן און פּלעסקען פון וואַסער. איצט ווייס איך שוין נישט, צי דאָס איז אויף אַן אמת געשען, אָדער איז דאָס אַלץ געווען נאָר אַ חלום...

אויפן ברעג פון ים איז געשטאַנען אַן אויטאָ. צוזאַמען מיט עטלעכע יינגלעך זענען מיר אריין אינעווייניק.

— שלום! — האָט שטיל געזאָגט צו אונדז א בחור. — א קאַלטע באָד געהאט, וואָס? דאָ ליגן הויזן, בלוזקעס. איר קאָנט זיך איבערטאָן!

איך האָב געציטערט פון קעלט. פון די בגדים איז גע־רונען וואַסער. אין אויטאָ האָבן מיר אויסגעטאָן די נאַסע זאכן. מיטאמאָל האָט איינער פון די יינגלעך אויפן קול אָנ־געהויבן צו וויינען.

— זייט רואיק, איר זייט שוין אין ארץ־ישראל! — האָט דער בחור אָנגעהויבן אלעמען צו בארואיקן. — ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז מען וועט אייך צוריקשיקן? באלד קומט איר אין קיבוץ!



דער וועג האָט לאַנג נישט געדויערט. מיר זענען אָנ־געקומען אין אַ דאָרף. ארום איז געווען פינצטער. איך האָב דערזען קליינע הייזלעך, איינס נעבן דעם אנדערן. אין גרויסן חדר־אוכל האָבן געוואַרט אויף אונדז מענטשן. פאַר־טיילט עסן. ביי א לאנגן טיש זענען מיר געזעסן און געטרונ־קען א הייסע קאַווע. פון מידקייט האָב איך עסן נישט גע־קענט. איך האָב געקוקט אויף די ווענט. אויף די לאַנגע טישן און בענק, אויף דער קיך מיט די גרויסע טעפּ און א סך טעלערס, און איך האָב מיר געטראכט, אַז דאָ מוז אוודאי זיין אַ סך מענטשן. איך האָב מיר קיינמאָל פריער נישט גע־קענט פאָרשטעלן ווי אזוי אַ קיבוץ זעט אויס.

אין אַ נידעריק, איינשטאָקיק הייזל האָט אונדז אריינ־געפירט אַן עלטערע פרוי און געזאָגט: פאַר יעדן פון אייך

איז א בעט און אַ שענקל. לייגט זיך שלאָפן. רוט זיך אויס. איר קאָנט שלאָפן ווי לאַנג איר ווילט.

ארום דעם הויז איז ארומגעגאַנגען אַ בחור מיט אַ ביקס אָנגעהאָנגען אויפן אָרעם. וואָס עפּעס אַ ביקס? — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אין שטוב זענען אַריינגעקומען עטלעכע בחורים, אָנגעהויבן אויספרעגן: אַנו דערציילט חברה, פון וואַנען קומט איר, ווי איז געווען דער וועג?

— דער וועג? — האָט מילעק איבערגעפרעגט. ער האָט נישט באַוויזן אפילו א וואָרט ארויסצורעדן, און שוין איז ער אַ מידער געשלאָפן, איינגעוויקלט אין דער דעקע.

ווי אַזוי עס איז געווען דער וועג, וועל איך קיינמאָל נישט קענען דערציילן. די חדשים פון ווארטן אויף א שיף. דער שטורעם אין דער פינצטערער נאכט. יעדע רגע האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט פאַלן מיר אריין אין ים. און פריער דאָס ארומפאָרן מיט אויטאָס, מיט באַנען. ווי אַזוי קאָן איך דערציילן פון דעם וועג? איך געדענק שוין נישט די הונדערטער מענטשן, וואָס איך האָב געטראָפן און איך ווייס נישט וווהין יעדערער פון זיי איז באַזונדער אָפּ־געפאָרן. איך געדענק שוין אפילו נישט דעם „קאַסטן", וואָס האָט זיך געוויגט אויפן וואסער טעג און נעכט און איז א ליידיקער צוריקגעפאָרן נאָך די אלע, וואָס ווארטן אים אָפּ אויף די זאמדן ביים ים־ברעג.

דאָס אלץ איז געווען נעכטן, האָב איך געטראַכט ליגנ־דיק אין בעט מיט ווארעמע דעקעס צוגעדעקט. מאָרגן וועל איך מיך אויפוועקן אין קיבוץ!



דעם ערשטן טאָג אין קיבוץ וועל איך שטענדיק גע־דענקען!

פון דער פרי אָן האָט שטאַרק גערעגנט. ווי קומט דאָס אַ רעגן אין פּאַלעסטינע? — האָב איך מיך געוווּנדערט. שטענדיק האָב איך געהערט, אַז פון די היצן פאַלן די מענטשן, ווי די פליגן. איך האָב ארויסגעקוקט אויפן וועג

דורכן פענצטער און געמיינס, אז אלץ וועט פאַרגאָסן ווערן. נאָך א פאָר שעה האָט אָבער אויפגעלויכטן די זון. איך בין מיט מילעקן ארומגעגאַנגען איבער דעם שטח פון קיבוץ. אלע וועגן זענען געווען אויסגעלייגט מיט ברייטע שטיינער. איך האָב זיך אליין נישט געגלויבט, זעענדיק אזויפיל ביי־מער און בלומען פאַר יעדן הויז. די פרוי לאָטא האָט דאָך אונדז שטענדיק דערציילט, אַז אין פּאַלעסטינע איז א מדבר!

אין די הייזער האָבן געוווינט משפחות. כאָטש די קינ־דער זענען באַזונדער, האָב איך שוין דעם ערשטן טאָג גע־זען, אַז יעדן נאָכמיטאָג קומען זיי צו די טאַטע־מאַמע אין צימער. ווי גוט איז זיי אַלע, וואָס זיי האָבן א היים און אַ משפחה! — האָב איך געטראכט. אויך מילעק האָט נאָכגע־קוקט יעדעס קינד, וואָס פירט זיך מיט דער מוטער פאַר דער האַנט. ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט וועגן זיין מאַמען, ווי זי איז אין געטאָ געשטאָרבן, ווען יעדער איז נאָך געווען מיט דער משפחה צוזאמען. איך האָב אָבער געוווסט, וואָס ער טראכט, ווען ער האָט געזען אַ גאַנצע משפחה צוזאַמען. אזוי ווי איך האָט ער מסתמא אויך גע־טראכט, ווי וועט מען קענען איצט לעבן אליין, מיט בלויז פרעמדע.

ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געקענט לאנג זיין טרוי־עריק.

זע, וואָס פאַראַ קי? — האָט ער אויסגערופן. — דאָס אלץ האָט דער קיבוץ! און די הינער־שטייגן! אזויפיל פעל־דער! אין פוילן האָט מען נאָר געהערט, אַז אין ארץ־ישראל איז נישטאָ צו עסן! עס וואקסט גאָרנישט! די זון פאַרברענט אלץ און קיין וואסער איז נישטאָ! גאָרנישט!

איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער פאָטאָגראַ־פיסט האָט מיך געבעטן ביים געזעגענען זיך: געדענק, חיים, שרייב מיר באלד, ווי נאָר דו קומסט דאָרט אהין, צי קאָן מען באמת דאָרט לעבן?!



צוזאמען מיט די קינדער פון דער עלית הנוער האָב איך אָנגעהויבן צו לערנען. דאָס זענען געווען קינדער אָפּגעראַטעוועטע פון פאַרשידענע לענדער. יעדער אָן אַ היים, אָן אַ משפחה.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן. יעדן טאָג אַ פּאָר שעה אין דער קיך, אָדער אין שטאַל. די חברה איז ברוגז געוואָרן, וואָס זיי דאַרפן טאָן פאַרשידענע אַרבעטן. זיי זאָגן, אַז עס איז בעסער צו אַרבעטן אין שטאָט, ווו יעדער באַצאָלט. ווי קאָן אַ מענטש לעבן אָן געלט? ווי אַזוי קאָן מען זיך קויפן וואָס מען וויל? איך אָבער בין צופרידן געווען, וואָס איך האָב געאַרבעט אין פאַרשידענע ערטער. איך האָב געוואָלט זען דעם גאַנצן קיבוץ.

יעדן פון דער עלית הנוער האָט אַ משפחה ביי זיך אויפגענומען. צו מיר האָט אריה פון רפת געזאָגט נאָך דער אַרבעט:

— מיין פרוי טובה בעט דיך קומען אין אונדזער חדר. מיינע זין זענען שוין אַוועק פאַר זיך. נאָר שבת קומען זיי מיט די קינדער, קאָנסט ביי אונדז זיצן און מאַכן די אויפגאַבן, לייענען.

אַ פּאָר מאָל בין איך אין זיין חדר געגאַנגען. געטרונקען צוזאַמען קאַווע און געהערט, ווי טובה דערציילט וועגן די ערשטע צייטן אין קיבוץ.

נישט אַלעמאָל איז געווען אַ רפת מיט בהמות, הינער אין לול און פאַרשידענע פירות. אויף אַ פּוסטן פעלד זענען מיר געקומען! נאָר שאַקאַלן האָבן אין די נעכט געיאָמערט. די אַראַבער זענען נישט איינמאָל געקומען גנבענען, באַפאַלן דעם קיבוץ! שווער האָבן מיר אַלע דאָ געאַרבעט, פון אַלץ זיך אָפּגעזאָגט...

איך האָב געקוקט אויף אירע אויסגעאַרבעטע הענט און דעם אָפּגעברענטן פּנים און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז זייער שווער איז דאָ געווען אין די ערשטע צייטן. אריה האָט ווייניק וואָס גערעדט. די גאַנצע צייט גערויכערט פּאַפּיראָסן. זיין פּלייצע איז געווען אַ ברייטע ווי ביי די

פויערים אין דאָרף. אַזעלכע יידן האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען דאָ אין קיבוץ. איך האָב זיך צוגעהערט צו דעם וואָס טובה האָט דערציילט, און דאָך בין איך מיט די געדאַנקען געווען ווידעראַמאָל אין וואַלד מיט יאָסעלען און זיין טאַטן. צי האָט ער זיך געראַטעוועט? ווו זענען זיי איצט?

אין דער ביכער־שאַנק האָט אריה געהאַט אַ סך ביי־כער. צוגערעדט מיר אהיימנעמען אין מיין חדר אַ בוך, אויב איך קאָן ביי אים נישט זיצן. איך האָב געוואָלט זיין אַליין. אַלע זענען גוט צו מיר, נאָר פאַרוואָס קאָן איך מיך צו קיינעם נישט צוגעוווינען? יעדער איז מיר פרעמד, כאָטש יעדער וויל מיר העלפן.

ווידער האָב איך זיך גענומען צום צייכענען. די בחו־רים, מיט וועלכע איך בין אין איין חדר, גייען אַרום איבערן קיבוץ, אָדער זיצן אין חדר אוכל. איך בין אַלעמאָל געבליבן אַליין און עס איז מיר גוט געווען צו זיין מיט זיך אַליין. אין אַ רעגנדיקן טאָג, יעדעס מאָל זענען מיר אַנדערע געשעענישן געקומען אויפן זכרון. אַמאָל האָב איך אויס־געמאָלט דעם וואַלד, ווו מיר זענען אָנגעקומען נאָכן אַרי־בערפאָרן די גרענעץ. די מענטשן אויסגעלייגט אויף דער ערד מיט די פעקלעך אונטער די קעפּ. אַן אַנדערש מאָל דעם ים־ברעג מיט לאַנגע שורות געצעלטן. אַ סך נייע בויגנס האָב איך אָנגעצייכנט, צוגעלייגט צו די אַלטע, וואָס איך האָב נאָך אין לאָדזש אָנגעהויבן צו צייכענען. די גאַנ־צע צייט האָב איך זיי געהיט. געדאַנקט גאָט, וואָס איך האָב נישט פאַרלוירן מיין פעקל אין ים! אויף דער פלייצע האָב איך עס אָנגעבונדן און אָפּגעהיט פון וואַסער...

אין איינעם אַ טאָג איז ביי מיין פענצטער שטיין גע־בליבן אַ מיידל. איך האָב געזען ווי זי קוקט אַריין, אָבער כ׳האָב זי נישט אַריינגערופן. אַליין האָט זי אויפגעמאַכט די טיר. אָנגעהויבן באַקוקן די אויסגעלייגטע בויגנס אויפן טיש און אויפן בעט, און האָט די ערשטע געזאָגט:

— איך הייס דינה. און דו ווי הייסט?

— דינה... — האָב איך נאָכגעזאָגט, — מן הסתם ביסטו ערשט אָנגעקומען... איך הייס חיים.

זי האָט זיך הויך צעלאַכט:

— ווי אַזוי האָסטו מיך נישט געזען? אַזויפיל מאָל האָב איך ביי דעם זעלבן טיש געגעסן! דו זעסט נישט קיינעם, דו רעדסט נישט מיט קיינעם, — האָט זי גערעדט מיט אַ לאַכעדיק קול. — דערפאַר בין איך געקומען זען, וואָס דו טוסט אין דיין חדר. די חברה, וואָס זענען געקו־מען צוזאַמען מיט דיר, זעט מען אומעטום. ווי קאָן מען זיצן אַליין אין אַ שטוב? — האָט זי געפרעגט, און אירע אויגן זענען געווען לאַכעדיקע אַזוי ווי איר קול.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און גענומען דערציילן:

— געבוירן בין איך אין אַ קיבוץ, אין ירושלים. דאָרט זענען אַלע מיינע חברים. מיין אמא מוז אָבער זיין נאָענט צום ים, דערפאַר זענען מיר דאָ אַהערגעקומען.

אוי, ווי גוט איז אַזאַ מיידל, וואָס ווייסט גאָרנישט וואָס עס איז געשען אין דער מלחמה. דערפאַר קאָן זי אַזוי לאַכן ביי יעדן וואָרט.

זי האָט נישט געפרעגט פון וואַנען איך בין געקומען, וואָס איז געשען מיט מיין משפחה. זי האָט באַקוקט יעדעס בילד וואָס איך האָב געהאָט אין מיין טעקע און געזאָגט:

— דו ביסט אַן אמתער מאָלער!

— דאָס הייסט נישט מאָלן! — האָב איך געענטפערט און אַליין זיך צעלאַכט. — וואָס פאַראַ מאָלער בין איך דאָס? איך האָב גאָרנישט געלערנט. סתם אזוי פאַר זיך האָב איך ליב צו צייכענען. מרדכי זאָגט אַז איך שמיר און פאַר־ליר די צייט אויף סתם נאַרישקייטן.

— ווייל ער פאַרשטייט גאָרנישט! — האָט זי אויס־געשריגן מיט כעס. — דער גאַנצער קיבוץ דאַרף זען דיינע אַרבעטן. דאָס איז נישט סתם! פאַרוואָס האָסטו קיינעם נישט דערציילט, אַז דו האָסט אַ גאַנצע אויסשטעלונג?

לאַנג איז זי געזעסן ביים טיש און דערציילט פון קיבוץ

אין ירושלים, פון איר אַרבעט מיט די קינדער אין גן. אוי, עס איז שוין שפעט, קום עסן! — האָט זי זיך אויפגע־כאַפּט פון שטול. מיר זענען צוזאַמען אַוועק אין חדר־אוכל.

לאנג נאָכן נאכטמאָל האָב איך געטראכט וועגן איר. דערמאָנט ווידעראַמאָל אַלץ, וואָס זי האָט מיר געזאָגט.

— דינה... דינה... — האָב איך שטיל איבערגעחזרט איר נאָמען. ווי גוט איז אַרויסזאָגן דעם נאָמען!



זאב פון מזכירות האָט מיר געהייסן אַריינגיין צו אים. ער האָט אַרויסגענומען אַ בריוו פון שופלאָד און גענומען אויספרעגן:

— זאָג מיר, חיים, צי האָסטו אַ משפחה אין ישראל? געדענקסטו אַ מומע ליזאַ און אַ פעטער מאַקס?! זייערע זין?

— אוודאי געדענק איך, — האָב איך געענטפערט. — אָבער די מומע ליזאַ איז דאָך פון געטאָ געפאָרן קיין רוס־לאַנד, — האָב איך געזאָגט און זיך געוווּנדערט, וואָס אויך זיי זענען אין ישראל. וועגן די זין האָב איך נישט פאַר־געסן. איך האָב נאָר נישט געוווּסט, ווו זיי זענען. די גאַנצע צייט האָב איך נאָר געטראַכט צו זוכן די מאַמעשי און דעם טאַטעשי, דינהלען, די באָבע און דעם זיידן מנשה.

— האָסט מזל! — האָט זאב אויסגערופן. — דער ערשטער פון אַלע האָסטו געפונען דיין משפחה. דאָס איז זייער בריוו! קאָנסט שוין צו זיי שרייבן, זיי זאָלן דאָ אַהערקומען. אַ ברודער פון דיין פאָטער איז דאָך היינט, ווי אַן אמתער פאָטער! באַלד זאָלסטו זיי ענטפערן, אַז דו ביסט עס, חיים פיין פון לאָדזש, זייט דריי חדשים אין קיבוץ! אין אַ צוויי, דריי טעג וועלן זיי זיכער דאָ אַהער־קומען!

— באמת, באמת, — האָב איך קוים אַרויסגערעדט, — זיי וועלן דאָ... באַלד אַהערקומען?

פאַר מיינע אויגן האָט אַלץ געגומען זיך וואַקלען. פאַר גרויס גליק האָב איך גאָרנישט געוווסט וואָס צו זאָגן.

— אַ דאַנק דיר, זאב, אַ דאַנק! — האָב איך צום סוף אויסגערופן.

מיטן בריוו אין דער האַנט בין איך געלאָפן צו מרדכין. איך האָב אים אין שטוב נישט געפונען. ווי נאָר ער האָט אַביסל צייט, לויפט ער צום טראַקטאָר. דאָס לערנען איז איצט ביי אים אויפן לעצטן אָרט. ער וויל ווערן אַ טראַקטאָריסט. אַרבעטן אויפן פעלד. דעם נאָמען מילעק וויל ער פאַרגעסן.

דינה איז מיר אַנטקעגנגעקומען. איך האָב אויסגעשטרעקט צו איר דעם בריוו:

— זע, זע נאָר, וואָס איך האָב באַקומען! אַ בריוו פון מיין דודה! זי איז אין ארץ־ישראל! אין חיפה! נישט ווייט פון קיבוץ!

אויך זי האָט ביים אָנהויב נישט געוווסט וואָס צו זאָגן. זי האָט מיר די הענט אַרויפגעלייגט אויפן פנים און געלאַכט פאַר גרויס פרייד.

— איך האָב געוווסט, אַז דו וועסט געפינען דיין משפחה! יעדער וועט עמעצן געפינען! קום צו אונדז אין חדר, איך וועל דערציילן מיין אמא! קיינמאָל ווילסטו צו אונדז נישט אַריינגיין!

זי האָט מיך צוגעפירט צו זייער דירה. ביי דער טיר האָט זיך אויסגערופן:

— אמא, אמא, טרעף וואָס האָט פאַסירט! חיים האָט אַ בריוו פון זיין משפחה אין חיפה געקראָגן!

איר פאָטער איז אויך געווען אין חדר. אויך ער האָט זיך זייער געפרייט, וואָס מיין משפחה זוכט מיך. דינה האָט אַרויסגענומען פון אייז־קעסטל אַ פלאַש מיט מיץ און מיר האָבן געטרונקען צוזאַמען. געגעסן ביסקוויטן. די אמא אירע האָט געמאַכט קאַווע, אָנגעלייגט אַ טעלער

מיט פירות. אַן אמתע סעודה האָט דינה געמאַכט. לאַנג, זייער לאַנג האָב איך אויף אַזאַ טאָג געוואַרט!



די גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. ווידער גע־נומען דערמאָנען אַלץ, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט, פון דעם טאָג, ווען די מומע ליזאַ איז געקומען אין געטאָ.

ווי איז דאָס געשען, אַז זיי זענען אין ישראל ביי זיי־ערע זין?

ווען איך בין געקומען אין בית־הספר האָב איך גע־וואַרט, אַרויסגעקוקט פון פענצטער, צי מען קומט מיך נישט רופן פון מזכירות. איך האָב געוווּסט, אַז אַ בריוו דער־גייט נישט אַזוי שנעל, ווי מען וויל. אָבער איך האָב שוין נישט געהאַט קיין געדולד צו הערן וואָס מען לערנט דעם טאָג. אויך מרדכי איז געווען שטאַרק צעטומלט. אפשר ווער ער זיך אויך איצט דערוויסן עפּעס פון זיין משפחה? וויפל פעטערס מיט מומעס, קוזינען און קינדער זענען דאָס ביי זיי געווען!

ערשט דעם צווייטן טאָג איז זאב אַריינגעקומען אין דער כיתה און געזאָגט שטיל צו דער לערערין לאה, אַז געסט זענען צו מיר געקומען. זיי וואַרטן אין חדר־אוכל.

מיט אַלע כוחות בין איך געלאָפן איבערן וועג.

פּאַר גרויס איבעראַשונג האָב איך קיינעם אין חדר־האוכל נישט געזען. די בחורות האָבן געוואַשן די טישן נאָכן עסן, געקערט דעם זאַל. מיטאַמאָל האָבן מיך צוויי הענט אַרומגענומען און איך האָב דערהערט אַ ציטער־דיק קול:

— חיימעק, מיין טייערער! גאָט צו דאַנקען, וואָס מיר זעען דיך...

די מומע ליזאַ האָט אויפן קול געוויינט און דער פע־טער מאַקס האָט מיך געצויגן צו זיך. פון אַלע זייטן מיך

באַקוקט, ווי ער וואָלט נישט געגלויבט, אַז איך שטיי נעבן אים.

— שוין מער ווי אַ יאָר, ווי מיר שרייבן אין די קאָמיטעטן, אין יתומים־הייזער, אין שפּיטעלער! אומעטום האָבן מיר דיך געזוכט. פאַרוואָס האָסטו נישט געשריבן אין די צייטונגען, אין רויטן קרייץ? ווו ביסטו דאָס געווען די גאַנצע צייט?

די מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער קיך, האָבן געברענגט אַ פרישטיק. געבעטן אונדז צום טיש. אָבער קיינער האָט עסן נישט געקאָנט.

די דודה ליזאַ איז אַריין מיט מיר אין מיין חדר. אַרויסגענומען פון איר וואַליזקע מתנות, סוועטערס און העמדער. פּעקעלעך מיט פאַרשידענע זאַכן.

— ווי גרויס דו ביסט עס אויסגעוואַקסן, מיר וואָלטן דיך שוין גאָרנישט דערקענט! — האָט זי גערעדט און געשלונגען די טרערן. — אוי, חיימעק, ווייסטו כאָטש, אַז די מומע רענאַ מיט פּעטער זעליג האָבן זיך אָפּגעפונען אין דייטשלאַנד, נאָך דער באַפרייאונג. זיי זוכן די זין אין שוועדן... זיי האָבן באַקומען אַ גרוס, אַז זיי זענען דאָרט אין אַ שפּיטאָל! אויך צילא איז אין דייטשלאַנד... יאָ, דאָרט, מיין קינד, זענען אַלע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, און וואַרטן אויף דעם טאָג דאָ אַהערצוקומען! באַלד וועלן מיר צו איר שרייבן, אַז דו ביסט מיט אונדז! דערצייל כאָטש עפּעס! וואָס האָט פּאַסירט מיט דיר?... ווו איז אַוועק די מאַמעשי און... און דינהלע?! — האָט די דודה גענומען אויספרעגן. — ווער האָט דיך אָפּגעראַטעוועט?

איך האָב נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן. וואָס איז געווען פריער און וואָס שפּעטער? — אין אָנהויב... ווען איך בין אנטלאָפן פון געטאָ, האָט מיך אויסבאַהאַלטן אַ פויערטע אין אַ קאַמער, און דערנאָך האָט מיך אָפּגעראַטעוועט מילעק...

פּעטער מאַקס איז געזעסן נעבן מיר, געהאַלטן מיך פאַר די הענט. מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך צוגעהערט.

— אופֿפֿף, אופֿפֿף... — האָט ער פֿון זיך אַרויסגעצי־שעט, — אַ מלחמה מיט קינדער! מיט פֿרויען...

ווי ענלעך איז דער פֿעטער צום טאַטעשי! עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער זיצט נעבן מיר, און איך דער־צייל אים אַלץ פֿון געטאָ, פֿון וואַלד, פֿון דעם וועג איבער דער גרענעץ.

דער פֿעטער מאַקס האָט אַרויסגענומען פֿון טייסטער אַ פּעקל מיט בילדער.

— געדענקסטו, חיימעק, די צוויי בחורים, האַ? דאָס זענען מאיר און צבֿי! באַלד וועסטו אים זען מיט זיין פֿרוי און די קינדער, אין דגניה! און דער־אָ, מאיר, איז איצט אין אַ שליחות... און דאָס בילד געדענקסטו? — האָט ער געפֿרעגט און געוויזן מיר דאָס לעצטע בילד, וואָס מיר האָבן געמאַכט זומער אין וואַלד, ווו מיר אַלע זענען גע־ווען, איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

טרערן האָבן אָנגעהויבן רינען פֿון מיינע אויגן. די מאַמעשי איז געזעסן מיט דינהלען אויף דער ערד און איך בין געשטאַנען צוזאַמען מיטן טאַטעשי און דעם פֿעטער מאַקס.

— זיי וועלן זיך אומקערן, חיימעק! מיר וועלן זיי אין איינעם אַ טאָג געפֿינען, אַזוי ווי דיך! — האָט די דודה ליזאַ מיך אָנגעהויבן טרייסטן. אוי, צום ערשטן מאָל נאָך די אַלע יאָרן האָב איך איצט ווידער געזען אַלע צוזאַמען! געהאַט אַ בילד פֿון דער היים!

— איצט וועסטו פֿאָרן מיט אונדז, מירן שוין שטענדיק זיין צוזאַמען! — האָט גערעדט די מומע ליזאַ און איר קול האָט געציטערט.

איך האָב גאָרנישט געהערט, ווי מרדכי איז אַריינ־געקומען.

— מילעך, מיין טייער יינגל! — האָט די דודה אויס־געשריגן און גענומען אים קושן. — דו האָסט עס אָפּגעראַ־טעוועט חיימעקן! קיינער האָט נישט געקענט זיך העלפֿן און דו האָסט אַנדערע געהאָלפֿן! אין געטאָ ביסטו נאָך אַ

קינד געווען און איצט מיט אַ קאָפּ איבערגעוואָקסן חיימען!

אַ פּאָר פּעקעלעך האָט זי פון טיש גענומען און גע־שטופּט אים אין די הענט: — דאָס איז נאָר אויף דערווייל. צוזאַמען פאָרסטו צו אונדז! צוויי ברידער זייט איר איצט! מיינע זין!

מילעק האָט די פּעקעלעך אויף זיין בעט אַוועקגעלייגט און גאָר שטיל געזאָגט:

— איך וועל אַמאָל צופאָרן צו אייך... אָבער איצט מוז איך דאָ זיין ביי דער אַרבעט... ביים טראַקטאָר.

פון דער טיר האָט ווער אַריינגערעדט:

— שוין לאַנג נאָכן מיטאָג... קומט אַלע אין חדר־האוכל...

דאָס איז געווען דינה. זי האָט נישט געוואָלט אַריינ־גיין, געשעמט זיך. פון דרויסן גערופן אונדז עסן.



פאַרנאַכט בין איך מיטגעפאָרן מיט דער מומע ליזא און דעם פעטער מאַקס. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און איך בין אָנגעקומען קיין חיפה.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווי איך האָב דער־זען די שטאָט, מיט אַזוי פיל ליכטיקייט. פולע גאַסן מיט מענטשן! דערנאָך זענען מיר אַרויפגעפאָרן אויפן כרמל־באַרג. ערשט פון אויבן האָב איך דערזען די גאַנצע שטאָט מיט אַלע ארומיקע ערטער. טויזנטער ליכט האָבן געפינקלט פאַר מיינע אויגן. אָן אַ שיעור הייזער איינע נעבן די אַנ־דערע. קיינמאָל האָב איך מיר נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ שיינע שטאָט אין ישראל! דאָס שענסטע אָרט אויף דער וועלט איז עס איצט פאַר מיר! פאַר מיר איז אויסגעוואָקסן דאָס בילד פון זיידן מנשה. צי וועט ער שוין נישט זען די גרויסע ליכטיקייט?

— וואָס שווייגסטו, חיימל, וואָס רעדסטו נישט קיין וואָרט? — האָט געפרעגט דער פעטער מאַקס מיט אַ דער־

שטיקט קול און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויך ער טראַכט איצט וועגן זיין טאַטן. אוי, ווי ער האָט דאָס געוואָלט אָנקומען קיין ארץ־ישראל! וואָס האָבן די דייטשן געטאָן מיט אים? פאַרוואָס איז ער אין געטאָ אומגעקומען מיט דער באָבע דבורהלע אין שפּיטאָל? זיי זענען דאָך נישט געווען אַלט! זיי האָבן דאָך געקענט נאָך לעבן! און די מאַמעשי? פאַרוואָס האָט זי געמוזט אַוועק מיט אַלע ערגעץ אין אַ לאַגער? איצט ווייס איך שוין, אַז אַלע יידן פון לאָדזש זענען אַוועק קיין אוישוויץ. וואָס איז דאָרט געשען, אַז קיינער פון אונדזער משפחה איז נישט צוריקגעקומען? וואָס איז געשען מיט דינהלען? עס איז נישטאָ ביי וועמען צו פרעגן. קיינער ווייסט נישט אין וועלכן דאָרף איז געפאָרן יאַדוויגאַ. און אפשר איז זי אויך פון דאָרט אַנטלאָפן?

וועגן די אַלע זאַכן האָב איך געטראַכט אויפן וועג.

צי איז דאָס באמת דאָס הויז, וווּ ס'וווינט דער פעטער מאַקס? — איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין די אַלע שטובן מיטן טייערן מעבל און דיוואַנען אויף די פּאָדלאָגעס, און זיך נישט געקאָנט צוגלויבן, אַז איך בין טאַקע אין זייער דירה.

אויך אין לאָדזש האָט דער פעטער מאַקס געהאַט די שענסטע וווינונג פון אַלע. אָבער אין ארץ־ישראל, ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

— וואָס איז דאָס מיט דיר, וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק, חיימל?... צי פרייסטו זיך נישט, וואָס מיר האָבן... זיך געפונען? זע די אָ שטובן! אַלץ איז ליידיק! די חברה איז אַוועק אין די קיבוצים — האָט געשפּאַסט דער פעטער. — נעם דיר וועלכע דו ווילסט! דו וועסט שוין זיין שטענדיק מיט אונדז צוזאַמען!

— דו וווּנדערסט זיך, חיימעק, וואָס מיר האָבן אַזאַ פּאַלאַץ? — האָט געלאַכט די מומע ליזא. — נאָך פאַר דער מלחמה האָבן מיר דאָ געקויפט באָדן... אויך דיין טאַטעשי האָט אין קרן־קימת איינגעצאָלט פאַר אַ גרויסן

מגרש... ווי נאָר ער וועט קומען, וועט ער זיינס באַקומען! טו זיך איבער... דאָ איז אַ שאַנק מיט זאַכן... אָט זענען שכנים אַריינגעקומען דיך זען! זעסטו ס׳אַראַ שמחה מיר האָבן היינט!

פרויען מיט זייערע מענער און קינדער זענען זיך צו־נויפגעקומען. ארומגעזעצט זיך ארום די טישן. די דודה ליזאַ האָט אָנגעשטעלט פלעשלעך מיט כלערליי געטראַנ־קען, טאָרטן און פרוכטן. טייטלען און פייגן. אוי, וואָס פאַראַ סעודה איז געמאַכט געוואָרן! „לחיים... לחיים!״ — האָבן אַלע גערופן צו מיר. „אַ סך אַזעלכע שמחות זאָלן מיר האָבן! יידן זאָלן זיך אומקערן! משפחות אָפּגעפינען! לחיים... לחיים!״



פאַרוואָס האָט מרדכי נישט געוואָלט מיט מיר מיט־פאָרן? — האָב איך אויף אַ רגע נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווען דער פעטער מאַקס איז מיט מיר אַרומגע־געפאָרן יעדן טאָג אין אַן אַנדער׳ער שטאָט. איך בין געווען אין ראשון לציון, חדרה, תל־אביב. „זעסטו ווי שיין איז דאָ ביי אונדז! אַ סך שיינע זאַכן איז דאָ צו זען. ווען מיר זענען געקומען, האָט מען אָנגעהויבן בויען הייזער, אויס־לייגן וועגן. היינט, זע די ביימער, די גערטנער, דאָס גרינס אומעטום!

איך בין אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטער מיטן פע־טער מאַקס איבער די גאַסן פון תל־אביב. צום מערסטן האָט מיך געוווּנדערט, וואָס איך האָב אומעטום געטראָפן נאָר יידן! די לעצטע צייט האָב איך שטענדיק געטראַכט, אַז עס זענען שוין נישטאָ מער קיין יידן! אויך מילעק האָט אַ סך מאָל גערעדט מיט מיר וועגן דעם, אַז קיינער איז נאָך דער מלחמה נישט געבליבן. מיר ביידע האָבן אָבער נישט געקאָנט גלויבן, אַז דאָס איז אמת.

— דאַרפסט זיך אויסרוען, חיימעק, פאַרגעסן וואָס איז געווען, — האָט דער פעטער גערעדט צו מיר. — דערנאָך

וועסטו זיך פאַרטראַכטן, סאַראַ ארבעט וואָלט דיר ליב געווען, וואָס ווילסטו לערנען.

איך האָב זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער טאַטעשי רעדט דאָס אַזוי צו מיר. די דודה ליזא האָט מיך אַ סך מאָל געבעטן:

— טייערער, איך ווייס, אַז דו ביסט געזונט, אָבער וואָס אַרט עס דיך, טו דאָס פאַר מיר, קום מיט מיר צו אַ דאָקטאָר... נאָך אַזאַ מלחמה, נאָך אַזויפיל, אַזויפיל... אפשר טוט דיר עפּעס וויי... דערציייל...

— איך בין געזונט, געזונט! — האָב איך יעדעס מאָל אָפּגעענטפערט, און אויפן זכרון איז מיר געקומען דאָס ווייב פון מיכאַל בעדנאַרעק, וואָס איז גאַנצע טעג געלעגן אין בעט און האָט אַרויסגעקוקט פון פענצטער.

ווי גוט זענען אַלע געווען צו מיר. אויך די באַקאַנטע, וואָס זענען געקומען יעדן טאָג און האָבן מיר אַלע מאָל געבראַכט מתנות. אין מיין שטוב איז אַלץ געווען גוט איינגעאָרדנט און באַקוועם. אַלץ האָבן זיי מיר געוואָלט געבן! די שאַנק איז געווען פול מיט ביכער. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ קאַסטן מיט פּלאַטן. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז דאָס איז נאָר אַ פילם, אַז דאָס בין נישט איך. און דער אַרויסקוק פון פענצטער פון כרמל אויף די בערג און אויף דעם ים איז אויך ווי אין אַ פילם...

איך האָב געוואָלט צוריק אין קיבוץ.

אין מיין חדר צו מילעקן און צו אַלע פון דער עלית הנוער, וואָס זענען געקומען מיט מיר אין דעם „אַלטן קאַסטן".

— איך וועל אַ סך מאָל קומען צו אייך — האָב איך געזאָגט נאָך צוויי וואָכן, — איך מוז דאָך פאַרענדיקן דאָס לערן־יאָר. — האָב איך געזאָגט, און געטראַכט האָב איך וועגן נייע צייכענונגען פון באַרג און פון הייזער אויפן באַרג.

— ווילסטו נישט בלייבן מיט אונדז, מיט דער משפּחה?

— האָט מיט פאַרדרוס געפרעגט די מומע ליזאַ, — מירן

דיר העלפן לערנען. צי האָסטו שוין עפּעס באַשלאָסן? וואָסווילסטו איצט טאָן?

דער פעטער מאַקס האָט זיך אָנגעהויבן וויצלען:

— אפשר זאָלן מיר אויך אַוועק אין קיבוץ? וואָס האָבן מיר דאָ צו זיצן אין דעם ליידיקן הויז? טו, חיימל, וואָס דו ווילסט, מירן שוין צוקומען צו דיר...



אַלע האָבן זיך געפרייט, ווען זיי האָבן מיך ווידער דערזען אין חדר־אוכל. אויך מיר איז פריילעכער געוואָרן, ווען איך האָב דערזען אַלע מענטשן ביי די טישן. די הייזער אויסגעשטעלטע אין שורות, די קינדער אַרומלויפן איבערן וועג.

— ביסט צוריקגעקומען פון כרמל אין קיבוץ? — האָבן זיך געוווּנדערט די בחורים, וואָס קאָנען זיך נישט צוגעוווינען צום דאָרף און ווילן דווקא קיין חיפה.

באַלד נאָכן עסן איז אין מיין חדר אַריינגעקומען דינה. איר פּנים איז געווען לאַכעדיק ווי אַלעמאָל, נאָר די אויגן אירע האָבן געשיינט ווי קיינמאָל נישט. עס האָט מיר שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ, ווען איך האָב זי דערזען.

— דינה, דינהלע... — האָב איך אויסגערופן און צום ערשטן מאָל זי אַרומגענומען.

איך האָב גאָרנישט געזען, אַז אויפן בענקל האָט זי אַוועקגעלייגט אַ בוקעט בלומען. זי האָט געזוכט אַ גלאָז אַריינצולייגן די בלומען און האָט געחוזקט:

— ביי אַ בחור אין צימער איז גאָרנישט נישטאָ, אפילו נישט ווו די בלומען אַריינצושטעלן. נו, דערצייל ווי איז דאָס געווען אין חיפה... — און מיט פאָרוואורף האָט זי גע־פרעגט: — פאַרוואָס האָסטו אפילו אַ פּאָר ווערטער נישט געשריבן? אַזוי טוט מען? אַזוי?...

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. געקוקט אויף די בלומען און געטראַכט: זאָל נאָר איצט נישט אַריינקומען מרדכי און נישט קיינער פון דער חברה.

— ווייסטו פאַרוואָס איך האָב ליב פעלד־בלומען? — האָט זי שטיל, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, געפרעגט, אַריינשטעלנדיק זיי אין אַ קענדל מיט וואַסער. — איך האָב ליב פעלד־בלומען, ווייל, זיי וואַקסן אַליין...

(סוף)